# הייליגע שריפטען

(כִּתְבֵי־הַקֹּדֶשׁ).

## תּוֹרָה, נְבִיאִים, כְּתוּבִים.

איבערזעצט פון א. ל. יַעֲקוֹבוֹבִיץ.

ארויסגעגעבען פון

פערלאג „הַשַׁחַר“.

ווארשע, תרס״ט.

דרוק „הצפירה“ פּיינסקא 40.

# ГЕЙЛИГЕ ШРИФТЕНЪ

т. е. Священныя Книги

Первая книга: Б Ы Т І Е.

Перев. на жаргон. яз. А. Л. ЯКУБОВИЧЪ.

Изданіе „ГАШАХАРЪ“

Варшава 1909

Типографія И. ЭДЕЛЬШТЕЙНА, Налевки 38.

---

# HEILIGE SCHRIFTEN

oder Dos Alte Testament.

Iüdische Übersetzung von A. L. IAKUBOWITSCH,

Herausgegeben von Verlag „HASCHACHAR“

Warschau 1909

# מֹשֶׁה'ס לֶעהרֶע.

(תּוֹרַת מֹשֶׁה).

ערשטער סֵפֶר:

# בְּרֵאשִׁית.

(דיָ וועלט=בעשאַפונג).

## ערשטע סֵדְרָה: בְּרֵאשִׁית.

### קאפּיטעל 1.

1. אין אָנהויב האָט גאָט בעשאַפֿען דעם הימעל און די ערד.
2. און די ערד איז געווען וויסט און לעער, און עס איז געוועזען פינסטער אויף דעם אָבגרונד, און גאָט'ס גייסט האָט געשוועבט אויפ'ן וואַסער.
3. האָט גאָט געזאָגט: זאָל ווערען ליכט. און עס איז געוואָרען ליכט.
4. און גאָט האָט געזעהן דאָס ליכט, דאָס עס איז גוט, און גאָט האָט אָבגעטיילט דאָס ליכט פון דער פינסטערניש.
5. און גאָט האָט אָנגערופען דאָס ליכט טאָג, און די פינסטערניש האָט ער אָנגערופען נאַכט. און עס איז געווען אָבענד און עס איז געווען פריהמאָרגען: איין טאָג.
6. און גאָט האָט געזאָגט: זאָל ווערען אַ שטאַרקע פערשפּרייטונג צווישען וואַסער און זאָל אָבטיילען וואַסער פון וואַסער.
7. און גאָט האָט געמאַכט די שטאַרקע פערשפּרייטונג און האָט אָבגעטיילט צווישען דאָס וואַסער, וואָס אונטער דער פערשפּרייטונג, און צווישען דאָס וואַסער, וואָס איבער דער פערשפּרייטונג. און עס איז אַזוי געוואָרען.
8. און גאָט האָט אָנגערופען די פערשפּרייטונג הימעל. און עס איז געווען אָבענד, און עס איז געווען פריהמאָרגען: דער צווייטער טאָג.
9. און גאָט האָט געזאָגט: עס זאָל זיך פערזאַמלען דאָס וואַסער, וואָס אונטער דעם הימעל, אין איין אָרט, און עס זאָל זיך אַרויסזעהן די טרוקעניש. און עס איז אַזוי געוואָרען.
10. און גאָט האָט אָנגערופען די טרוקעניש ערד, און די

פערזאַמלונג פון וואַסער האָט ער אָנגערופען יַמ'ען. און גאָט האָט געזעהן, אַז דאָס איז גוט.

11. און גאָט האָט געזאָגט: זאָל די ערד לאָזען אַרויסשפּראָצען פון זיך גרינס, גראָז, וואָס מאַכט זייען אַ זאָמען, אַ פרוכט-בּאַרען בּוים, וואָס גיעט אַרויס פרוכט לויט זיין אַרט, און זיין זאָמען איז אין איהם אויף דער ערד. און עס איז אַזוי געוואָרען.

12. און די ערד האָט געלאָזט אַרויס'שפּראָצען פון זיך גרינס, גראָז, וואָס מאַכט זייען אַ זאָמען לויט זיין אַרט, און אַ פרוכט-בּאַרען בּוים, וואָס זיין זאָמען איז אין איהם לויט זיין אַרט. און גאָט האָט געזעהן, אַז דאָס איז גוט.

13. און עס איז געוועזען אָבענד, און עס איז געוועזען פריה-מאָרגען: דער דריטער טאָג.

14. און גאָט האָט געזאָגט: עס זאָלען ווערען ליכטער אין דער שטאַרקייט פון הימעל, אונטערצושיידען צווישען דעם טאָג און צווישען דער נאַכט, און זיי זאָלען זיין אַלס צייכענס און צייטען און טעג און יאָהרען;

15. און זיי זאָלען זיין ליכטער אין דער שטאַרקייט פון הימעל, צו בּעלייכטען די ערד. און עס איז אַזוי געוואָרען.

16. און גאָט האָט געמאַכט די צוויי גרויסע ליכטער: דעם גרויסען ליכטער, צו געוועלטיגען בּיי טאָג, און דעם קליינעם ליכטער, צו געוועלטיגען בּיי נאַכט, און די שטערען.

17. און גאָט האָט זיי אַריינגעזעצט אין דער שטאַרקייט פון הימעל, צו בּעלייכטען די ערד,

18. און צו געוועלטיגען בּיי טאָג און בּיי נאַכט, און אָבצוטיילען דאָס ליכט פון דער פינסטערניש. און גאָט האָט געזעהן, אַז דאָס איז גוט.

19. און עס איז געוועזען אָבענד, און עס איז געוועזען פריה-מאָרגען: דער פערטער טאָג.

20. און גאָט האָט געזאָגט: זאָל דאָס וואַסער אַרויסווימלען בּעוועגליכע, לעבּענדיגע זעעלען, און פויגעל זאָלען פליהען אויף

דער עָרד, אונטער דער שטיַפהַיט פון הימעל.

21. און גאָט האָט בעשאַפֿען די גרויסע פֿאלפֿיש, און אַלערליי לעבענדיגע זעעלען, וואָס קריכען, וואָס דאָס וואַסער האָט אַרויסגעהיידמעט, יעדע לויט איהר אַרט, און אַלערליי בעפֿעדערטע פֿויגעל, יעדער לויט זיין אַרט. און גאָט האָט געזעהען, אַז דאָס איז גוט.

22. און גאָט האָט זיי געבענשט און האָט אַזוי געזאָגט: פרוכפּערט זיך און פֿערמעהרט זיך און מאַכט פֿול דאָס וואַסער אין די ימ'ען, און די פֿויגעל זאָלען זיך פֿערמעהרען אויף דער עָרד.

23. און עס איז געוועזען אָבענד און עס איז געוועזען פֿריה־מאָרגען: דער פֿינפֿטער טאָג.

24. און גאָט האָט געזאָגט: זאָל די עָרד אַרויסגעבען אַ לעבענדיגע זעעלע לויט איהר אַרט, פֿיה און ווערעם און חיות פֿון דער עָרד לויט זייער אַרט. און עס איז אַזוי געוואָרען.

25. און גאָט האָט געמאַכט די חיות פֿון דער עָרד לויט זייער אַרט, און די פֿיה לויט זייער אַרט, און אַלערליי ווערעם פֿון דער עָרד לויט זייער אַרט. און גאָט האָט געזעהן, אַז דאָס איז גוט.

26. און גאָט האָט געזאָגט: לאָ'מיר מאַכען מענשען אין אונזער פֿאָרם, אַזוי ווי אונזער געשטאַלט, און זאָלען זיי געוועלטיגען איבער די פֿיש פֿון ים און איבער די פֿויגעל פֿון הימעל און איבער די פֿיה און איבער דער גאַנצער עָרד און איבער די ווערעם, וואָס קריכען אויף דער עָרד.

27. און גאָט האָט בעשאַפֿען דעם מענשען אין זיין פֿאָרם, אין דער פֿאָרם פֿון גאָט האָט ער איהם בעשאַפֿען, אַ זָכָר און אַ נְקֵבָה האָט ער זיי בעשאַפֿען.

28. און גאָט האָט זיי געבענשט, און גאָט האָט צו זיי געזאָגט: פרוכפּערט זיך און פֿערמעהרט זיך און מאַכט פֿול די עָרד און נעהמט זי איין און געוועלטיגט איבער די פֿיש פֿון ים און איבער די פֿויגעל פֿון הימעל און איבער אַלע לעבענדיגען, וואָס קריכט אויף דער עָרד.

29. און גאָט האָט געזאָגט: אָט האָב איך אייך געגעבען אַלע גראָזען, וואָס זייען אַ זאָמען, אויף דער גאַנצער ערד, און אַלע בוימער, וואָס אין זיי איז דאָ אַ פרוכט פון אַ בוים, וואָס זייעט אַ זאָמען, פאַר אייך זאָל דאָס זיין צו'ם עסען.

30. און פאַר אַלע חיות פון דער ערד, און פאַר אַלע פויגעל פון הימעל, און פאַר אַלין, וואָס קריכט אויף דער ערד און האָט אין זיך אַ לעבענדיגע זעעלע, האָב איך געגעבען אַלע גרינס און גראָזען צום עסען. און עס איז אַזוי געוואָרען.

31. און גאָט האָט געזעהן אַלץ, וואָס ער האָט געמאַכט, און דאָס איז זעהר גוט. און עס איז געוועזען אָבענד, און עס איז געוועזען פריהמאָרגען: דער זעקסטער טאָג.

## קאַפּיטעל 2.

1. און עס זענען פערענדיגט געוואָרען דער הימעל און די ערד און זייער גאַנצע העערשאַפט.

2. און גאָט האָט געענדיגט אין דעם זיבענטען טאָג זיין גאַנצע אַרבייט, וואָס ער האָט געמאַכט, און ער האָט גערוהט אין דעם זיבענטען טאָג פון זיין גאַנצער אַרבייט, וואָס ער האָט געמאַכט.

3. און גאָט האָט געבענשט דעם זיבענטען טאָג און האָט איהם געהייליגט, ווייל אין איהם האָט ער גערוהט פון זיין גאַנצער אַרבייט, וואָס גאָט האָט בעשאַפען און געמאַכט.

4. אָט דאָס איז די געבורט פון הימעל און ערד, ווען זיי זענען בעשאַפען געוואָרען, אין דעם טאָג, וואָס גאָט האָט געמאַכט ערד און הימעל.

5. און קיין בוים פון פעלד איז נאָך נישט געווען אויף דער ערד, און קיין גראָז פון פעלד האָט נאָך נישט געשפּראָצט, ווייל גאָט האָט נישט געלאָזט רעגענען אויף דער ערד, און עס איז נאָך נישט געווען קיין מענש צו בעאַרבייטען די ערד.

6. נאָר אַ נעבעל איז אויפגעגאַנגען פון דער ערד און האָט

אָנגעשטרונקען דאָס גאַנצע אַנגעזיכט פֿון דער ערד.

7. און גאָט דער הערר האָט באַשאַפֿען דעם מענשען פֿון שטויב פֿון דער ערד, און ער האָט אַרײַנגעבלאָזען אין זײַנע נאָ־זלעכער דעם לעבענדיגען אָטהעם, און דער מענש איז געוואָרען אַ לעבענדיגע זעעלע.

8. און גאָט דער הערר האָט געפּלאַנצט אַ גאָרטען אין עֵדֶן פֿון מִזְרָח־זײַט, און ער האָט דאָרט אַרײַנגעזעצט דעם מענשען, וואָס ער האָט באַשאַפֿען.

9. און גאָט דער הערר האָט געלאָזט אַרויסשפּראָצען פֿון דער ערד אַלערלײַ בוימער, וואָס זעגען גלוסטיג אָנצוקוקען און גוט צו'ם עסען, און דעם בוים פֿון לעבען אין מיטען גאָרטען, און דעם בוים פֿון דערקענען גוטס און שלעכטס.

10. און אַ טײַך געהט אַרויס פֿון עֵדֶן, אָנצוטרינקען דעם גאָרטען, און פֿון דאָרט ווערט ער פֿאַנאַנדערגעטהיילט אין פֿיער הויפּט־טײַלען.

11. דער נאָמען פֿון איינעם איז פִּישׁוֹן, דאָס איז דער, וואָס רינגעלט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד חֲוִילָה, וואו דאָרט איז דאָס גאָלד.

12. און דאָס גאָלד פֿון יענעם לאַנד איז גוט; דאָרט געפֿינט זיך דער בְּדֹלַח און דער טײַערער שטיין אָנִיקס.

13. און דער נאָמען פֿון צווייטען טײַך איז גִּיחוֹן, דאָס איז דער, וואָס רינגעלט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד כּוּשׁ.

14. און דער נאָמען פֿון דריטען טײַך איז חִדֶּקֶל, דאָס איז דער, וואָס געהט אויף מִזְרָח־זײַט פֿון אַשּׁוּר. און דער פֿירטער טײַך איז פְּרָת.

15. און גאָט דער הערר האָט גענומען דעם מענשען און האָט איהם אַרײַנגעזעצט אין גאָרטען פֿון עֵדֶן, איהם צו באַאַרבייטען און איהם אָבצוהיטען.

16. און גאָט דער הערר האָט אָנגעזאָגט דעם מענשען און האָט אַזוי געזאָגט: פֿון יעדען בוים פֿון גאָרטען מאָלסטו עסען;

17. און פון דעם בוים פון דערקענען גוטס און שלעכטס, זאָלסטו נישט עסען פון איהם, ווארום אין דעם טאָג, ווען דו וועסט עסען פון איהם, וועסטו שטאַרבען.

18. און גאָט דער הערר האָט געזאָגט: עס איז נישט גוט, דאָס דער מענש זאָל זיין אַליין; איך וועל איהם מאַכען אַ געהילף, ווי עס פּאַסט פאַר איהם.

19. און גאָט דער הערר האָט בעשאַפען פון דער ערד אַלערליי חיות פון פעלד און אַלערליי פויגעל פון הימעל, און ער האָט זיי געבראַכט צום מענשען, צו זעהן, ווי ער וועט זיי אָנרופען, און ווי דער מענש וועט אָנרופען יעדע לעבענדיגע זעעלע, אַזוי זאָל זי הייסען.

20. און דער מענש האָט אָנגערופען נעמען פאַר אַלע בהמות און פויגעל פון הימעל און פאַר אַלע חיות פון פעלד, און פאַר דעם מענשען האָט ער נישט געפונען קיין העלפער, ווי עס פּאַסט פאַר איהם.

21. און גאָט דער הערר האָט געמאַכט אָנפאַלען אַ טיעפען שלאָף אויפ'ן מענשען, און ער איז איינגעשלאָפען; און ער האָט גענומען איינע פון זיינע ריפען, און האָט דעם אָרט געשלאָסען מיט פלייש.

22. און גאָט דער הערר האָט געבויט אַ ווייב פון דער ריפ, וואָס ער האָט גענומען פון מענשען, און ער האָט זי געבראַכט צו'ם מענשען.

23. און דער מענש האָט געזאָגט: דאָס מאָל איז דאָס אַ ביין פון מיינע ביינער און פלייש פון מיין פלייש; דאָס דאָזיגע זאָל ווערען אָנגערופען ווייב, ווייל דאָס איז גענומען געוואָרען פון מאַן.

24. דעריבער זאָל אַ מענש פערלאָזען זיין פאָטער און זיין מוטער און זאָל זיך בעהעפטען צו זיין ווייב, און זיי זאָלען ווערען איין לייב.

25. און זיי זיינען ביידע געווען נאַקעט, דער מענש און זיין ווייב, און זיי האָבען זיך נישט געשעמט.

## קאפיטעל 3.

1. אוּן דִי שְׁלַאנג אִיז גֶעוֶעזֶען דִי קְלִינְגְסְטֶע פוּן אַלֶע חַיּוֹת פוּן פֶעלְד, וָואס גָאט דֶער הֶערְר הָאט גֶעמַאכְט. אוּן זִי הָאט גֶעזָאגְט צוּ׳ם ווייבּ: צִי הָאט דֶען אִין אֶמֶת׳עֶן גָאט גֶעזָאגְט: אִיהר זָאלְט נִישְׁט עֶסֶען פוּן אַלֶע בּוֹימֶער פוּן גָארְטֶען?

2. הָאט דָאס ווייבּ גֶעזָאגְט צוּ דֶער שְׁלַאנג: פוּן דִי פְרוּכְט פוּן דִי בּוֹימֶער פוּן גָארְטֶען מֶעגֶען מִיר עֶסֶען;

3. נָאר פוּן דִי פְרוּכְט פוּן בּוֹים, וָואס אִין מִיטֶען גָארְטֶען, הָאט גָאט גֶעזָאגְט: אִיהר זָאלְט נִישְׁט עֶסֶען פוּן אִיהם, אוּן אִיהר זָאלְט זִיךְ נִישְׁט אָנְרִיהרֶען אָן אִיהם, ווייל אִיהר וֶועט שְׁטַארְבֶּען.

4. הָאט דִי שְׁלַאנג גֶעזָאגְט צוּם ווייבּ: נֵיין, אִיהר וֶועט נִישְׁט שְׁטַארְבֶּען;

5. ווָארוּם גָאט ווייס, דָאס אִין דֶעם טָאג, וֶוען אִיהר וֶועט עֶסֶען פוּן אִיהם, וֶועלֶען אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט וֶוערֶען אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּן אִיהר וֶועט זֵיין אַזוֹי ווִי גָאט, וָואס ווייס גוּטֶס אוּן שְׁלֶעכְטֶס.

6. אוּן דִי פְרוֹי הָאט גֶעזֶעהֶן, דָאס דֶער בּוֹים אִיז גוּט צוּ׳ם עֶסֶען אוּן דָאס עֶר אִיז גְלוּסְטִיג פַאר דִי אוֹיגֶען, אוּן דֶער בּוֹים אִיז לוּסְטִיג צוּ מַאכֶען קְלוּג, הָאט זִי גֶענוּמֶען פוּן זֵיין פְרוּכְט אוּן הָאט גֶעגֶעסֶען, אוּן הָאט גֶעגֶעבֶּען אוֹיךְ אִיהר מַאן מִיט אִיהר, אוּן עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען.

7. אוּן עֶס זֶענֶען אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט גֶעווָארֶען זֵייעֶרֶע בֵּיידֶענְס אוֹיגֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעווָאוּסְט, דָאס זֵיי זֶענֶען נַאקֶעט; הָאבֶּען זֵיי אוֹיפְגֶענֶעהט פֵייגֶען-בְּלֶעטֶער, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט גַארְטֶען.

8. אוּן זֵיי הָאבֶּען דֶערְהֶערְט דִי שְׁטִימֶע פוּן גָאט דֶעם הֶערְר, וָואס גֶעהְט אַרוּם אִין גָארְטֶען, ווֶען דֶער טָאג אִיז קִיהל גֶעוָוארֶען. אוּן אָדָם הָאט זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען מִיט זֵיין ווייבּ פַאר גָאט דֶעם הֶערְר אִין דִי בּוֹימֶער פוּן גָארְטֶען.

9. אוּן גָאט דֶער הֶערְר הָאט גֶערוּפֶען אָדָם׳ן אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהם: וואוּ בִּיזְטוּ?

10. האָט ער געזאָגט: דיין שטימע האָב איך געהערט אין גאָרטען, און איך האָב מורא געהאַט, דען איך בין נאַקעט, האָב איך זיך בעהאַלטען.

11. האָט גאָט געזאָגט: ווער האָט דיר געזאָגט, דאָס דו ביזט נאַקעט? צי האָסטו געגעסען פון דעם בוים, וואָס איך האָב דיר אָנגעזאָגט, דו זאָלסט נישט עסען פון איהם?

12. האָט אָדם געזאָגט: דאָס ווייב וואָס דו האָסט מיר געגעבען, זי האָט מיר געגעבען פון דעם בוים, און איך האָב געגעסען.

13. האָט גאָט געזאָגט צו'ם ווייב: וואָס האָסטו דאָס געטהון? האָט דאָס ווייב געזאָגט: די שלאַנג האָט מיך אָנגערעדט, האָב איך געגעסען.

14. האָט גאָט געזאָגט צו דער שלאַנג: דערפאַר וואָס דו האָסט דאָס געטהון, זאָלסטו זיין פערפלוכט פון אַלע בְּהֵמוֹת און פון אַלע חַיּוֹת פון פעלד; אויף דיין בויך וועסטו געהן און ערד וועסטו עסען אַלע טעג פון דיין לעבען.

15. און אַ פיינדשאַפט וועל איך מאַכען צווישען דיר און צווישען דאָס ווייב, און צווישען דיינע קינדער און צווישען איהרע קינדער; זיי וועלען דיר צעטרעטען דעם קאָפּ, און דו וועסט זיי בייסען אין פוס.

16. צו'ם ווייב האָט ער געזאָגט: פיעל וועל איך פערמעהרען דיין וועהטאָג אין דיין שוואַנגערשאַפט, מיט וועהטאָג וועסטו געבוירען קינדער, און צו דיין מאַן וועסטו גלוסטען, און ער וועט געוועלטיגען איבער דיר.

17. און צו אָדם'ן האָט ער געזאָגט: דערפאַר, וואָס דו האָסט געפאָלגט די שטימע פון דיין ווייב, און דו האָסט געגעסען פון דעם בוים, וואָס איך האָב דיר אָנגעזאָגט: דו זאָלסט נישט עסען פון איהם, פערפלוכט זאָל זיין די ערד פון דיינעטוועגען, מיט קומער זאָלסטו עסען פון איהר אַלע טעג פון דיין לעבען.

18. און דערנער און שטעכעדיגעס זאָל זי לאָזען אַרויס-שפּראָצען פאַר דיר, און דו זאָלסט עסען דאָס גראָז פון פעלד.

19. מיט שווייס פון דיין אַנגעזיכט וועסטו עסען ברויט, ביז דו וועסט צוריקקעהרען צו דער ערד, דען פון איהר ביזטו גענומען געוואָרען; דען שטויב ביזט דו, און צו שטויב וועסטו צוריקקעהרען.

20. און אָדָם האָט אָנגערופען דעם נאָמען פון זיין ווייב: חַוָּה, דען זי איז געוועזען די מוטער פון אַלע לעבעדיגע.

21. און גאָט דער הערר האָט געמאַכט פאַר אָדם'ן און זיין ווייב קליידער פון פעל, און ער האָט זיי בעקליידט.

22. און גאָט דער הערר האָט געזאָגט: אָט איז אָדם געוואָרען אַזוי ווי איינער פון אונז, און ווייס גוטס און שלעכטס; און איצט קאָן ער נאָך אויסשטרעקען זיין האַנד און וועט נעהמען אויך פון בוים פון לעבען, און וועט עסען און וועט לעבען עביג.

23. און גאָט דער הערר האָט איהם אַרויסגעשיקט פון גאָרטען עֵדֶן, ער זאָל בעאַרבייטען די ערד, וואָס פון איהר איז ער גענומען געוואָרען.

24. און ער האָט אַרויסגעטריבען אָדם'ן, און ער האָט געלאָזט רוהען אויף מִזְרַח-זייט פון גאָרטען עדן די כְּרוּבִים און אַ בלויזען שווערד, וואָס דרעהט זיך, אָבצוהיטען דעם וועג צו'ם בוים פון לעבען.

## קאַפּיטעל 4.

1. און אָדם האָט דערקענט זיין ווייב חַוָּה, און זי איז געוואָרען שוואַנגער, און האָט געבאָרען קַיִן'ען, און האָט געזאָגט: איך האָב געקויפט אַ מענשען פון גאָט.

2. און זי האָט נאָך געבאָרען זיין ברודער הֶבֶל'ן. און הֶבֶל איז געוואָרען אַ פאַסטוך פון שאָף, און קין איז געוואָרען אַ ערד-אַרבייטער.

3. און עס איז געוועזען אין אַ געוויסע צייט אַרום, און קין האָט געבראַכט פון די פרוכט פון דער ערד אַ מַתָּנָה צו גאָט.

4. און הֶבֶל האָט אויך געבראַכט פון די בעסטע פון זיינע שאָף און פון זייער פעטס. און גאָט האָט זיך געווענדעט צו הבל'ן און צו זיין מַתָּנָה;

5. און צו קַיִן'ען און צו זיין מתנה האָט ער זיך נישט געווענדעט. האָט דאָס קין'ען זעהר פערדראָסען און ער האָט אַראָבגעלאָזט דאָס געזיכט.

6. האָט גאָט געזאָגט צו קין'ען: פאַרוואָס האָט דאָס דיר פערדראָסען? און פאַר וואָס האָסטו אַראָבגעלאָזט דאָס געזיכט?

7. דען אויב דו וועסט גוטס טהון, וועסטו זיין אַנגענעהם, און אויב דו וועסט נישט גוטס טהון, רוהט די זינד פאַר דער טהיר, און צו דיר שטרעבט זי, נאָר דו קאָנסט געוועלטיגען איבער איהר.

8. האָט קין גערעדט צו זיין ברודער הבל. און עס האָט געטראָפען, ווען זיי זענען געװעזען אין פעלד, איז אויפגעשטאַנען קין אַקעגען זיין ברודער הבל, און האָט איהם געטוידט.

9. האָט גאָט געזאָגט צו קין'ען: וואו איז דיין ברודער הבל? האָט ער געזאָגט: איך ווייס נישט; צי דען בין איך דער היטער פון מיין ברודער?

10. האָט גאָט געזאָגט: וואָס האָסטו געטהון? די שטימע פון דיין ברודערס בלוט שרייט צו מיר פון דער ערד אַרויס.

11. און איצט זאָלסטו זיין מעהר פערפלוכט פון דער ערד, וואָס האָט געעפענט איהר מויל, צוצונעהמען דיין ברודערס בלוט פון דיינע הענד.

12. ווען דו וועסט בעאַרבייטען די ערד, זאָל זי דיר שוין מעהר נישט געבען איהר קראַפט. פעריאָגט און פערוואָגעלט זאָלסטו זיין אויף דער ערד.

13. האָט קין געזאָגט צו גאָט: מיין זינד איז צו גרויס, עס זאָל קאָנען פעטראָגען ווערען.

14. אָט האָסטו מיך היינט פערטריבען פון דער ערד אַראָב, און איך מוז מיך פאַר דיר בעהאַלטען, און איך וועל זיין פעריאָגט

און פֿערוואָגעלט אויף דער ערד, און איצט, ווער עס וועט מיך טרעפֿען, וועט מיך טוידטען.

15. האָט גאָט געזאָגט צו איהם: דעריבער, יעדער, ווער עס וועט טוידטען קין'ען, זאָל מען זיך און איהם זיבען מאָל נוֹקם זיין. און גאָט האָט געמאַכט אויף קין'ען אַ צייכען, דאָס עס זאָל איהם נישט שלאָגען יעדער, ווער עס וועט איהם טרעפֿען.

16. און קין איז אַרויסגעגאַנגען פֿון פֿאַר גאָטס אַנגעזיכט, און ער האָט זיך בעזעצט אין לאַנד נוד, אויף מזרח-זייט פֿון עדן.

17. און קין האָט דערקענט זיין ווייב, און זי איז געוואָרען שוואַנגער, און זי האָט געבאָרען חֲנוֹך'ן. און ער האָט געבויט אַ שטאָדט, און האָט אָנגערופֿען דעם נאָמען פֿון דער שטאָדט אַזוי ווי דער נאָמען פֿון זיין זוהן חֲנוֹך.

18. און ביי חנוך'ן איז געבאָרען געוואָרען עִירָד. און עירד האָט געבאָרען מְחוּיָאֵל'ן. און מחויאל האָט געבאָרען מְתוּשָׁאֵל'ן. און מתושאל האָט געבאָרען לֶמֶךְ'ן.

19. און למך האָט זיך גענומען צוויי ווייבער: דער נאָמען פֿון איינער איז געוועזען עָדָה, און דער נאָמען פֿון דער צווייטער — צִלָּה.

20. און עדה האָט געבאָרען יָבָל'ן, ער איז געוועזען דער פֿאָטער פֿון די אַלע, וואָס זיצען אין געצעלטען מיט פֿיה.

21. און דער נאָמען פֿון זיין ברודער איז געוועזען יוּבָל. ער איז געוועזען דער פֿאָטער פֿון די אַלע, וואָס שפּיעלען אויף פֿידלען און אויף טרומייטען.

22. און צלה האָט אויך געבאָרען תּוּבַל-קַיִן'ען, דעם מייסטער פֿון אַלע ווערק פֿון קופּער און אייזען. און תובל-קין'ס שוועסטער איז געוועזען נַעֲמָה.

23. און למך האָט געזאָגט צו זיינע ווייבער: עדה און צלה, הערט מיין שטימע; למך'ס ווייבער, פֿערנעהמט מיינע רעד: דען אַ מענש האָב איך געטוידט צו מיין וואונד, און אַ קינד צו מיין בייל.

24. דען פֿאַר קין'ען זאָל מען זיך זיעבען מאָל נוקם זיין, און פֿאַר למך'ן זיעבען און זיעבציג מאָל.

25. און אָדם האָט נאָך דערקענט זײַן װײַב, און זי האָט געבאָרען אַ זוהן און האָט אָנגערופען זײַן נאָמען: שֵׁת, דען גאָט, האָט זי געזאָגט, האָט מיר געשענקט אַן׳אַנדער נאָמען, אַנשטאָט הבל׳ן, װאָס קין האָט איהם געטױדט.

26. און שת׳ן איז אױך געבאָרען געװאָרען אַ זוהן, האָט ער אָנגערופען זײַן נאָמען: אֱנוֹשׁ. דעמאָלט האָט מען אָנגעהױבען צו רופען אין נאָמען פון גאָט.

## קאפיטעל 5.

1. דאָס איז דאָס בוך פון דעם מענשענס געשלעכט; אין דעם טאָג, װען גאָט האָט בעשאַפען דעם מענשען, האָט ער איהם בעשאַפען אין דער געשטאַלט פון גאָט;

2. אַ זָכָר און אַ נְקֵבָה האָט ער זײ בעשאַפען. און ער האָט זײ געבענשט און ער האָט אָנגערופען זײער נאָמען מענש, אין דעם טאָג, װען זײ זענען בעשאַפען געװאָרען.

3. און אָדם האָט געלעבט דרײַסיג און הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען אַ זוהן אין זײַן געשטאַלט, אַזױ װי זײַן פאָרם, און ער האָט אָנגערופען זײַן נאָמען שת.

4. און אָדם האָט געלעבט נאָכדעם, װי ער האָט געבאָרען שת׳ן, אַכט הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען זוהן און טעכטער.

5. און די גאַנצע צײַט, װאָס אָדם האָט געלעבט, איז געװען נײַן הונדערט און דרײַסיג יאָהר, און ער איז געשטאָרבען.

6. און שת האָט געלעבט פינף יאָהר און הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען אנוש׳ן,

7. און שת האָט געלעבט נאָכדעם, װי ער האָט געבאָרען אנוש׳ן, זיעבען יאָהר און אַכט הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען זוהן און טעכטער.

8. און די גאַנצע צײַט פון שת׳ס לעבען איז געװען צװעלף יאָהר און נײַן הונדערט יאָהר, און ער איז געשטאָרבען.

9. און אֶנוֹשׁ האָט גְעלֶעבּט נײַנְצִיג יאָהר, און עֶר האָט גֶעבּאָרֶען קֵינָן׳עֶן.

10. און אנוֹשׁ האָט גֶעלֶעבּט נאָכדֶעם, ווִי עֶר האָט גֶעבּאָרֶען קֵינָן׳עֶן פוּנפצֶעהן יאָהר און אַכט הוּנדעֶרט יאָהר, און עֶר האָט גֶעבּאָרֶען זִיהן און טֶעכטֶער.

11. און דִי גאַנצֶע צײַט פון אנוֹשׁ׳ם לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועזֶען פִינְף יאָהר און נײַן הוּנדעֶרט יאָהר. און עֶר אִיז גֶעשְׁטאָרבֶּען.

12. און קֵינָן האָט גֶעלֶעבּט זִיעבּצִיג יאָהר, און עֶר האָט גֶעבּאָרֶען מַהֲלַלְאֵל׳ן.

13. און קֵינָן האָט גֶעלֶעבּט נאָכדֶעם, ווִי עֶר האָט גֶעבּאָרֶען מַהֲלַלְאֵל׳ן, פִירְצִיג יאָהר און אַכט הוּנדעֶרט יאָהר, און עֶר האָט גֶעבּאָרֶען זִיהן און טֶעכטֶער.

14. און דִי גאַנצֶע צײַט פון קֵינָן׳ס לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועזֶען צֶעהן יאָהר און נײַן הוּנדעֶרט יאָהר, און עֶר אִיז גֶעשְׁטאָרבֶּען.

15. און מהללאל האָט גֶעלֶעבּט פִינְף יאָהר און זֶעכְצִיג יאָהר, און עֶר האָט גֶעבּאָרֶען יֶרֶד׳ן.

16. און מהללאֵל האָט גֶעלֶעבּט נאָכדֶעם, ווִי עֶר האָט גֶעבּאָרֶען ירד׳ן, דרײַסִיג יאָהר און אַכט הוּנדעֶרט יאָהר, און עֶר האָט גֶעבּאָרֶען זִיהן און טֶעכטֶער.

17. און דִי גאַנצֶע צײַט פון מהללאל׳ס לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועזֶען פִינְף און נײַנְצִיג יאָהר און אַכט הוּנדעֶרט יאָהר, און עֶר אִיז גֶעשְׁטאָרבֶּען.

18. און ירד האָט גֶעלֶעבּט צװײ און זֶעכְצִיג יאָהר און הוּנדעֶרט יאָהר, און עֶר האָט גֶעבּאָרֶען חֲנוֹךְ׳ן.

19. און ירד האָט גֶעלֶעבּט נאָכדֶעם, ווִי עֶר האָט גֶעבּאָרֶען חנוֹך׳ן, אַכט הוּנדעֶרט יאָהר, און עֶר האָט גֶעבּאָרֶען זִיהן און טֶעכטֶער.

20. און דִי גאַנצֶע צײַט פון ירד׳ס לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועזֶען צװײ און זֶעכְצִיג יאָהר און נײַן הוּנדעֶרט יאָהר, און עֶר אִיז גֶעשְׁטאָרבֶּען.

21. און חנוֹך האָט גֶעלֶעבּט פִינְף און זֶעכְצִיג יאָהר, און עֶר האָט גֶעבּאָרֶען מְתוּשֶׁלַח׳ן.

22. און חֲנוֹך איז אַרומגעגאַנגען מיט גאָט נאָכדעם , ווי ער האָט געבאָרען מְתוּשֶׁלַח'ן , דריי הונדערט יאָהר , און ער האָט געבאָרען זיהן און טעכטער .

23. און די גאַנצע צייט פון חנוך'ס לעבען איז געוועזען פינף און זעכציג יאָהר און דריי הונדערט יאָהר .

24. און חנוך איז אַרומגעגאַנגען מיט גאָט , און ער איז נישטאָ , דען גאָט האָט איהם צוגענומען .

25. און מתושלח האָט געלעבט זיבען און אַכציג יאָהר און הונדערט יאָהר , און ער האָט געבאָרען לֶמֶך'ן .

26. און מתושלח האָט געלעבט נאָכדעם , ווי ער האָט געבאָרען למך'ן , צוויי און אַכציג יאָהר און זיבען הונדערט יאָהר , און ער האָט געבאָרען זיהן און טעכטער .

27. און די גאַנצע צייט פון מתושלח'ס לעבען איז געוועזען ניין און זעכציג יאָהר און ניין הונדערט יאָהר , און ער איז געשטאָרבען .

28. און למך האָט געלעבט צוויי און אַכציג יאָהר און הונדערט יאָהר , און ער האָט געבאָרען אַ זוהן .

29. און ער האָט אָנגערופען זיין נאָמען : נֹחַ, דאָס הייסט : דער דאָזיגער וועט אונז טרייסטען פון אונזער אַרבייט און פון דער מיה פון אונזערע הענד אויף דער ערד , וואָס גאָט האָט זי פערפלוכט .

30. און למך האָט געלעבט נאָכדעם , ווי ער האָט געבאָרען נח'ן , פינף און נייִנציג יאָהר און פינף הונדערט יאָהר , און ער האָט געבאָרען זיהן און טעכטער .

31. און די גאַנצע צייט פון למך'ס לעבען איז געוועזען זיעבען און זיעבציג יאָהר און זיעבען הונדערט יאָהר , און ער איז געשטאָרבען .

32. און נח איז אַלט געוועזען פינף הונדערט יאָהר , און נח האָט געבאָרען שֵׁם'ן חָם'ן און יֶפֶת'ן .

# קאפיטעל 6.

1. אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען ווען דִי מֶענְשֶׁען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ פֶערְמֶעהרֶען אוֹיף דֶער עֶרד, אוּן עֶס זֶענֶען בַּיי זֵייא גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען טֶעכְטֶער,

2. הָאבֶּען דֶערזֶעהֶן דִי זִיהְן פוּן גָאט דִי טֶעכְטֶער פוּן דִי מֶענְשֶׁען, אַז זֵייא זֶענֶען שֶׁענֶע, הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען ווַייבֶּער, ווֶעלְכֶע זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען.

3. הָאט גָאט גֶעזָאגְט: מֵיין גַייסְט ווֶעט נִישְׁט מִשְׁפֶּטֶען דִי מֶענְשֶׁען אֵייבִּיג, דֶען זֵייא זֶענֶען פְלֵיישׁ; זָאל דִי צַייט פוּן זֵייעֶר לֶעבֶּען זַיין הוּנְדֶערְט אוּן צְווַאנְצִיג יָאהר.

4. דִי רִיעזֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער עֶרד אִין יֶענֶע טֶעג; אוּן אוֹיךְ נָאכְדֶעם, ווִיא דִי זִיהְן פוּן גָאט זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִי טֶעכְטֶער פוּן דִי מֶענְשֶׁען, אוּן זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעבָּארֶען קִינְדֶער; דָאס זֶענֶען דִי שְׁטַארְקֶע פוּן אֵייבִּיג אָן, דִי בֶּערִיהְמְטֶע לַייט.

5. אוּן גָאט הָאט גֶעזֶעהֶן, אַז עֶס אִיז גְרוֹיס דָאס שְׁלֶעכְטֶס פוּן דִי מֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער עֶרד, אוּן אַלֶע גֶעדַאנְקֶען אוּן טְרַאכְטוּנְגֶען פוּן זֵייעֶר הַארְצֶען אִיז נָאר שְׁלֶעכְטֶס אַ גַאנְצֶען טָאג.

6. הָאט גָאט חֲרָטָה גֶעקְרִיגֶען, ווָאס עֶר הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִי מֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער עֶרד, אוּן עֶר הָאט זִיךְ פֶערְאוּמְעטִיגְט אִין זַיין הַארְצֶען.

7. אוּן גָאט הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ ווֶעל אַרָאבְּמֶעקֶען דִי מֶענְשֶׁען, ווָאס אִיךְ הָאבּ בֶּעשַׁאפֶען, פוּן דֶעם אַנְגֶעזִיכְט פוּן דֶער עֶרד, פוּן מֶענְשֶׁען בִּיז פִיה, בִּיז ווֶערֶעם אוּן בִּיז פוֹיגֶעל פוּן הִימֶעל, דֶען אִיךְ הָאבּ חֲרָטָה גֶעקְרִיגֶען, ווָאס אִיךְ הָאבּ זֵייא בֶּעשַׁאפֶען.

8. נָאר נֹחַ הָאט גֶעפִינֶען לִיבְּטֶעלִינְקַייט אִין דִי אוֹיגֶען פוּן גָאט.

---

# צווייטע סֶדְרָה: נֹחַ.

9. דאָס איז די געשיכטע פון נחַ'ן. נחַ איז געווען אַ צַדִיק אין אַ פרומער מאַן אין זיינע צייטען. מיט גאָט איז נח אַרומגעגאַנגען.

10. און נח האָט געבאָרען דריי זיהן: שֵׁם'ן, חָם'ן און יֶפֶת'ן.

11. און די ערד איז פערדאָרבען געוואָרען פאַר דעם אַנגע-זיכט פון גאָט, און די ערד איז געוואָרען פול מיט רויב.

12. און גאָט האָט געזעהן די ערד, אַז זי איז פערדאָרבען, דען יעדער לייב האָט פערדאָרבען זיין וועג אויף דער ערד.

13. האָט גאָט געזאָגט צו נח'ן: די ענדע פון יעדען לייב איז געקומען פאַר מיר, דען די ערד איז פול געוואָרען מיט רויב דורך זיי, און איך פערניכט זיי מיט דער ערד.

14. מאַך דיר אַ קאַסטען פון פיכטען-האָלץ. קאַמערען זאָלסטו מאַכען אין קאַסטען. און דו זאָלסט איהם אויספּעכען פון אינוועניג און פון אויסענוועניג מיט פּעך.

15. און אַזוי זאָלסטו איהם מאַכען: דריי הונדערט אֶהלען די לענג פון קאַסטען, פופציג אֶהלען זיין ברייט און דרייסיג אֶהלען זיין הויך.

16. אַ פענסטער זאָלסטו מאַכען אין קאַסטען, און אַ אֶהל די גרויס זאָלסטו איהם פערענדיגען אין דער הויך. און די טהיר פון קאַסטען זאָלסטו מאַכען בײַ זיין זייט. דו זאָלסט מאַכען אין איהם אונטערשטע, מיטעלע און אויבערשטע קאַמערען.

17. און איך, אָט ברענג איך פערפלייצונג פון וואַסער אויף דער ערד, צו פערדאַרבען יעדען לייב, וואָס אין איהם איז דאָ אַ לעבעדיגער גייסט, פון אונטער דעם הימעל; אַלין, וואָס איז דאָ אויף דער ערד, וועט אונטערגעהן.

18. נאָר מיט דיר וועל איך אויפשטעלען מיין בונד, און דו וועסט אַריינגעהן אין קאַסטען, דו און דיינע זיהן און דיין ווייב און די ווייבער פון דיינע זיהן מיט דיר.

19. און פון אַלעם לעבּעֶנדינגען, פון יעדען לייב, זאָלסטו ברענגען צווייא פון אַלין אין קאַסטען אַריין, צו לאָזען לעבּען מיט דיר; אַ זָכָר און אַ נְקֵבָה זאָלען זיי זיין.

20. פון די פויגעל לויט זייער אַרט און פון די פיה לויט זייער אַרט, פון אַלע ווערעם פון דער ערד לויט זייער אַרט. צוויי פון אַלין זאָלען קומען צו דיר, זיי צו לאָזען לעבּען.

21. און דו נעהם דיר פון יעדען עסענוואַרג, וואָס ווערט געגעסען, און פערזאַמעל דאָס בּיי דיר, ווערט דאָס זיין פאַר דיר און פאַר זיי צו'ם עסען.

22. און נֹחַ האָט געטהון אַלין אַזוי ווי גאָט האָט איהם נעהייסען, אַזוי האָט ער געטהון;

## קאַפּיטעל ז.

1. און גאָט האָט געזאָגט צו נֹחַ'ן: גֵיה אַריין דו און דיין גאַנצע הויז-געזינד אין קאַסטען, דען דיך האָבּ איך געזעהן, דאָס דו בּיזט אַ צַדִּיק פאַר מיר אין דעם דאָזיגען דור.

2. פון אַלע ריינע פיה זאָלסטו דיר נעהמען צו זיעבּען און זיעבּען, אַ מאַן און זיין ווייבּ; און פון אַלע פיה, וואָס זענען נישט ריין, זאָלסטו נעהמען צו צוויי, אַ מאַן און זיין ווייבּ;

3. אויך פון די פויגעל פון הימעל — צו זיעבּען און זיעבּען, אַ זָכָר און אַ נְקֵבָה, צו לאָזען לעבּען אַ זאָמען אויף דער גאַנצער ערד.

4. דען אין נאָך זיעבּען טעג אַרום מאַך איך רעגענען אויף דער ערד פירציג טעג און פירציג נעכט, און איך וועל אַראָבּ-מעקען יעדען וועזען, וואָס איך האָבּ געמאַכט, פון דער ערד אַראָבּ.

5. און נח האָט געטהון אַלץ אַזוי ווי גאָט האָט איהם געבּאָטען.

6. און נח איז אַלט געוועזען זעקס הונדערט יאָהר, ווען די פערפלייצונג פון וואַסער איז געוואָרען אויף דער ערד.

7 און נח איז געקומען מיט זיינע זיהן און זיין ווייבּ און די ווייבּער פון זיינע זיהן מיט איהם אין קאַסטען אַריין פאַר דאָס וואַסער פון דער פערפלייצונג

8. פון די ריינע פיה און פון די פיה, וואָס זענען נישט ריין, און פון די פויגעל און אַלין, וואָס קריעכט אויף דער ערד

9. זענען זיי געקומען צוויי ווייז צו נח'ן אין קאַסטען אַריין, א זָכָר און אַ נְקֵבָה, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען נח'ן.

10. און עס איז געוועען אין זיבען טעג אַרום, און דאָוואַסער פון דער פערפליייצונג איז געוואָרען אויף דער ערד.

11. אין זעקס הונדערטסטען יאָהר צו נח'ס לעבען, זווייטען מאָנאַט, אין זיעבצעהנטען טאָג פון מאָנאַט, אין דעם דזיגען טאָג זענען אויפגעשפּאָלטען געוואָרען אַלע קוואַלען פון גרויסען אַבגרונד, און די פענסטער פון הימעל זענען אויפגעעפענט געוואָרען.

12. און עס איז געוועען דער רעגען אויף דער ערד פירציג טעג און פירציג נעכט.

13. אין דעם דאָזיגען טאָג איז אַריינגעגאַנגען נֹחַ און שֵׁם און חָם און יֶפֶת און נח'ס ווייב און די ווייבער פון זיינע דריי זיהן מיט זיי אין קאַסטען אַריין;

14. זיי און אַלע חיות לויט זייער אַרט, און אַלע פיה לויט זייער אַרט, און אַלע ווערעם, וואָס קריעכען אויף דער ערד, לויט זייער אַרט, אַלע פויגעל, אַלע פליגעלדיגע.

15. און זיי זענען געקומען צו נח'ן אין קאַסטען אַריין, צוויי ווייז פון יעדען לייב, וואָס אין איהם איז דאָ אַ גייסט פון לעבען.

16. און די, וואָס זענען אַריינגעגאַנגען זענען אַריינגעגאַנגען אַ זכר און אַ נקבה פון יעדען לייב, אַזוי ווי גאָט האָט איהם געבאָטען, און גאָט האָט פאַר איהם פערשלאָסען.

17. און עס איז געוועען דער מַבּוּל פירציג טעג אויף דער ערד. און דאָס וואַסער האָט זיך פערמעהרט און האָט אַוועקגעטראָגען דעם קאַסטען און האָט איהם אויפגעהויבען איבער דער ערד.

18. און דאָס וואַסער האָט זיך געשטאַרקט און זיך זעהר פערמעהרט אויף דער ערד, און דער קאַסטען איז געגאַנגען אויפ'ן וואַסער.

19. און דאָס וואַסער האָט זיך זעהר און זעהר פערשטאַרקט אויף דער ערד, און עס זענען בעדעקט געוואָרען אַלע הויכע

בערג, װאָס אונטער דעם גאַנצען הימעל.

20. פֿופֿצעהן איילען אויבען האָט זיך דאָס װאַסער פֿערשטאַרקט, און עס זענען בעדעקט געװאָרען די בערג.

21. און עס איז אונטערגעגאַנגען יעדער לייב, װאָס קריכט אויף דער ערד, אי פֿויגעל, אי פֿיה, אי חיות, אי אַלין, װאָס ריהרט זיך אויף דער ערד, און אַלע מענשען.

22. אַלין, װאָס האָט אַ אָטעם פֿון אַ לעבענדיגען גייסט אין זיינע נאָזלעכער. אַלין, װאָס אויף דער טרוקעניש, איז געשטאָרבען.

23. און עס איז אַראָבגעמעקט געװאָרען יעדער װעזען, װאָס אויף דער ערד, פֿון מענשען ביז פֿיה, ביז װערים און ביז פֿויגעל פֿון הימעל, און זיי זענען אַראָבגעמעקט געװאָרען פֿון דער ערד, און עס איז איבערגעבליבען נאָר נח און די, װאָס מיט איהם אין קאַסטען.

24 און דאָס װאַסער האָט זיך פֿערשטאַרקט אויף דער ערד פֿונפֿציג און הונדערט טעג.

## קאַפּיטעל. 8.

1. און גאָט האָט זיך דערמאָהנט אָן נח'ן און אַלע חיות און אַלע פֿיה, װאָס מיט איהם אין קאַסטען, און ער האָט אַריבערגעפֿיהרט אַ װינד אויף דער ערד, און דאָס װאַסער איז אָבגעשטעלט געװאָרען.

2. און עס זענען פֿערשטאָפּט געװאָרען די קװאַלען פֿון אָבגרונד און די פֿענסטער פֿון הימעל, און עס איז איינגעהאַלטען געװאָרען דער רעגען פֿון הימעל.

3. און דאָס װאַסער איז צוריקגעגאַנגען פֿון דער ערד בּוםלעמאַה, און דאָס װאַסער איז װיניגער געװאָרען צו דער ענדע פֿון פֿונפֿציג און הונדערט טעג.

4. און דער קאַסטען האָט גערוהט דעם זיעבענטען מאָנאַט, דעם זיעבצעהנטען טאָג פֿון מאָנאַט, אויף די בערג פֿון אַררט.

5. און דאָס וואַסער איז געוואָרען אַלץ ווענציגער און ווענ־ציגער, ביז דעם צעהנטען מאָנאַט. און דעם ערשטען טאָג פון צעהנטען מאָנאַט האָבען זיך אַרויסגעזעהן די שפּיצען פון די בערג.

6. און עס איז געוועזען צו דער ענדע פון פערציג טעג, האָט נח געעפענט דעם פענסטער פון קאַסטען, וואָס ער האָט געמאַכט,

7. און ער האָט אַרויסגעשיקט די קראָה; איז זי געגאַנגען הין און צוריק, ביז דאָס וואַסער איז אויסגעטריקענט געוואָרען פון דער ערד.

8. האָט ער אַרויסגעשיקט די טויב פון זיך, צו זעהן, אויב עס איז לײַכטער געוואָרען דאָס וואַסער פון דער ערד.

9. האָט די טויב נישט געפונען קיין רוה פאַר איהרע פיס, איז זי צוריקגעקומען צו איהם אין קאַסטען אַרײַן, דען עס איז געוועזען וואַסער אויף דער גאַנצער ערד; האָט ער אויסגעשטרעקט זײַן האַנד און האָט זי גענומען און האָט זי אַרײַנגעבראַכט צו זיך אין קאַסטען אַרײַן.

10. האָט ער אונטערגעוואַרט נאָך זיבען אַנדערע טעג, און ער האָט ווידער אַרויסגעשיקט די טויב פון קאַסטען.

11. איז די טויב צו איהם געקומען פאַרנאַכטס־צײַט, און אָט האָט זי געטראָגען אין מויל אַ אָבגעריסענעם בלאַט פון אַ אייל־בערט־בוים. האָט נח געוואוסט, אַז דאָס וואַסער איז לײַכטער געוואָרען פון דער ערד.

12. האָט ער אונטערגעוואַרט נאָך זיבען אַנדערע טעג און האָט אַרויסגעשיקט די טויב, איז זי שוין מעהר צו איהם נישט צוריקגעקומען.

13. און עס איז געוועזען אין דעם זעקס הונדערט און ערשטען יאָהר, אין דעם ערשטען טאָג פון ערשטען מאָנאַט, איז אויסגע־טריקענט געוואָרען דאָס וואַסער פון דער ערד, און נח האָט אַראָב־גענומען דעם צודעק פון קאַסטען, און ער האָט געזעהן, אַז דער אויבערשטער פון דער ערד איז טרוקען געוואָרען.

14. און אין צווייטען מאָנאַט, אין זיעבּען און צוואַנציגסטען טאָג פֿון מאָנאַט איז טרוקען געוואָרען די ערד.

15. און גאָט האָט גערעדט צו נח'ן און האָט אַזוי געזאָגט:

16. גֶעה אַרויס פֿון קאַסטען, דו און דיין ווייב און דיינע זיהן און דיא ווייבער פֿון דיינע זיהן מיט דיר.

17. אַלע חיות וואָס מיט דיר, פֿון יעדען לייב, אי פֿויגעל, אי פיה און אַלע ווערעם, וואָס קריכען אויף דער ערד, נעהם אַרויס מיט זיך, און זאָלען זיי זיך ווידמיגען אויף דער ערד, און זאָלען זיי זיך פֿרוכפּערען און מעהרען אויף דער ערד.

18. און נח איז אַרויסגעגאַנגען און זיינע זיהן און זיין ווייב און דיא ווייבער פֿון זיינע זיהן מיט איהם.

19. אַלע חיות, אַלע ווערעם און אַלע פֿויגעל און אַלץ, וואָס קריכט אויף דער ערד לויט זייער אַרט, זענען אַרויסגעגאַנגען פֿון קאַסטען.

20. און נֹחַ האָט געבויט אַ מִזְבֵּחַ פֿאַר גאָט, און ער האָט גענומען פֿון אַלע ריינע פיה און פֿון אַלע ריינע פֿויגעל, און ער האָט געאָפּפֿערט עולות*) אויפ'ן מִזְבֵּחַ.

21. און גאָט האָט געשמעקט דעם שמעקעדיגען רֵיחַ, און גאָט האָט געזאָגט צו זיין האַרצען: איך וועל שוין נישט מעהר שעלטען די ערד צוליעב דעם מענשען, דען דאָס טראַכטען פֿון מענשענס האַרץ איז שלעכט פֿון זיין יוגענד אָן, און איך וועל שוין נישט מעהר שלאָגען אַלע לעבענדיגע, אַזוי ווי איך האָב געטהון.

22. כָּל־זְמַן די ערד וועט זיין, זאָל נישט אויפֿהערען דאָס זייען און שניידען און קעלט און היץ און זומער און ווינטער און טאָג און נאַכט.

## קאפיטעל 9.

1. און גאָט האָט געבענשט נח'ן און זיינע זיהן און האָט

*) עוֹלָה = אַ קָרְבָּן, וואס ווערט אינגאנצען פֿערברענט.

געזאָגט צו זיי: פרוכפּערט זיך און מעהרט זיך אין מאַכט פיל די ערד.

2. און אייער פורכט און שרעק זאָל זיין אויף אַלע חיות פון דער ערד און אויף אַלע פויגעל פון הימעל, אויף אַלץ, וואָס קריעכט אויף דער ערד, און אויף אַלע פיש פון ים; אין אייערע הענד זענען זיי אָבגעגעבען.

3. אַלץ, וואָס בעוועגט זיך און לעבט, זאָל דאָס זיין פאַר אייך צו'ם עסען; אַזוי ווי דאָס גרינע גראָז האָב איך אייך אַלץ אָבגעגעבען.

4. נאָר דאָס פליש, וואָס לעבט נאָך אין זיין בלוט, זאָלט איהר נישט עסען.

5. און נאָר פאַר אייער בלוט אין אייער לעבען וועל איך בעשטראָפען, יעדע חיה וועל איך פאַר זיי בעשטראָפען, און יעדען מענשען וועל איך בעשטראָפען פאַר זיין ברודערס לעבען.

6. ווער עס פערגיעסט דעם מענשענס בלוט, זאָל זיין בלוט פערגאָסען ווערען דורך מענשען, דען אין דער פאָרם פון גאָט האָט גאָט געמאַכט דעם מענשען.

7. און איהר, פרוכפּערט זיך און פערמעהרט זיך, בעוועגט זיך אויף דער ערד און פערמעהרט זיך אויף איהר.

8. און גאָט האָט געזאָגט צו נח'ן און צו זיינע זיהן מיט איהם אַזוי:

9. און איך, אָט שטעל איך אויף מיין בונד מיט אייך און מיט אייערע קינדער נאָך אייך,

10. און מיט יעדער לעבענדיגער זעעלע, וואָס מיט אייך, אי פויגעל, אי פיה און אַלע חיות פון דער ערד, וואָס מיט אייך, פון אַלע, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון קאַסטען, לויט אַלע חיות פון דער ערד;

11. און איך שטעל אויף מיין בונד מיט אייך, און עס זאָל שוין נישט מעהר פערשניטען ווערען קיין לייב דורך אַ פערפלייצונג פון וואַסער, און עס זאָל שוין נישט זיין מעהר קיין פערפלייצונג, צו פערדאַרבען די ערד.

12. און גאָט האָט געזאָגט: דאָס איז דער צייכען פון בונד,

האָב איך גיב צווישען מיר און צווישען אייך און צווישען יעדער־ לעבענדיגער זעעלע, וואָס מיט אייך, אויף עביגע צייטען:

13. מיין בויגען האָב איך געגעבען אין וואָלקען, און ער העט זיין אַ צייכען פון בונד צווישען מיר און צווישען דער ערד.

14. און עס וועט זיין, ווען איך וועל פערוואָלקענען אַ וואָל־ קען אויף דער ערד, וועט זיך אַרויסזעהן דער בויגען אין וואָלקען.

15. און איך וועל זיך דערמאָהנען מיין בונד, וואָס צווישען מיר און צווישען אייך און צווישען יעדער לעבעדיגער זעעלע אין יעדען לייב, און דאָס וואַסער וועט שוין מעהר נישט ווערען קיין פערפלייצונג, צו פערדאַרבען יעדען לייב.

16. און עס וועט זיין דער בויגען אין וואָלקען, און איך וועל איהם זעהן, צו געדענקען דעם עביגען בונד צווישען גאָט און צווישען יעדער לעבענדיגער זעעלע אין יעדען לייב, וואָס אויף דער ערד.

17. און גאָט האָט געזאָגט צו נֹחַן: דאָס איז דער צייכען פון בונד, וואָס איך האָב געשלאָסען צווישען מיר און צווישען יעדען לייב, וואָס אויף דער ערד.

18. און עס זענען געוועזען די זיהן פון נח'ן, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון קאַסטען, שֵׁם און חָם און יֶפֶת. און חָם איז דער פאָטער פון כְּנַעַן.

19. די דאָזיגע דריי זענען נח'ס זיהן, און פון די דאָזיגע איז בעזעצט געוואָרען די גאַנצע ערד.

20. און נח האָט אָנגעהויבען צו ווערען אַ ערד־אַרבייטער, און ער האָט געפלאַנצט אַ וויינגאָרטען.

21. און ער האָט געטרונקען פון וויין, און איז געוואָרען שכּור, און האָט זיך אָבגעדעקט אין זיין געצעלט.

22. און חם, דער פאָטער פון כנען, האָט געזעהן זיין פאָטער'ס נאַקעטקייט, און ער האָט דאָס געזאָגט זיינע צוויי ברידער אין דרויסען.

23. האָבען שם און יפת גענומען די קלייד און אַרויפגעלעגט אויף זייער ביידענס אַקסעל, און זיי זענען געגאַנגען הינטערוועלעכטס

און האָבען פערדעקט זייער פאָטערס נאַקטהייט, און זייערע געזיכ־טער זענען געווען אויף הינטען, און די נאַקטהייט פון זייער פאָטער האָבען זיי נישט געזעהן.

24. און אַז נֹחַ האָט אויפגעוואַכט פון זיין ויין, האָט ער געוואוסט, וואָס זיין קלענער זוהן האָט איהם געטהון.

25. האָט ער געזאָגט: פערפלוכט איז כְּנַעַן; אַ קנעכט פון קנעכט זאָל ער זיין ביי זיינע ברידער.

26. און ער האָט געזאָגט: געבענשט איז גאָט דער הער פון שֵׁם, און כְּנַעַן זאָל זיין אַ קנעכט ביי זיי.

27. גאָט זאָל אויסברייטען פאַר יפת'ן און ער זאָל רוהען אין די געצעלטען פון שם, און כנען זאָל זיין אַ קנעכט ביי זיי.

28. און נח האָט געלעבט נאָכ'ן מַבּוּל דריי הונדערט יאָהר און פופציג יאָהר.

29. און די גאַנצע צייט פון נח'ס לעבען איז געווען ניין הונדערט יאָהר און פופציג יאָהר, און ער איז געשטאָרבען.

## קאפיטעל 10.

1. און דאָס איז דאָס געשלעכט פון נח'ס זיהן: שם, חם און יפת; און עס זענען ביי זיי געבאָרען געוואָרען קינדער נאָך דעם מַבּוּל.

2. די זיהן פון יֶפֶת זענען: גוֹמֶר און מָגוֹג און מָדַי און יָוָן און תוּבָל און מֶשֶׁךְ און תִּירָס.

3. און די זיהן פון גוֹמֶר זענען: אַשְׁכְּנַז און רִיפַת און תּוֹגַרְמָה.

4. און די זיהן פון יָוָן זענען: אֱלִישָׁה און תַּרְשִׁישׁ, כִּתִּים און דוֹדָנִים.

5. פון די דאָזיגע זענען פערשפרייט געוואָרען די אינזלען פון די פעלקער אין זייערע לענדער, יעדעס לויט זיין שפראַך, לויט זיין געשלעכט אין זיין פאָלק.

6. און די זיהן פון חָם זענען: כּוּשׁ און מִצְרַיִם און פּוּט און כְּנַעַן.

7. און דיִ זיִהן פון כּוּשׁ זעֶנעֶן: סְבָא און חֲוִילָה און סַבְתָּא און רַעְמָה און סַבְתְּכָא. און דיִ זיִהן פון רַעְמָה זעֶנעֶן: שְׁבָא און דְדָן.

8. און כּוּשׁ האָט געֶבאָרעֶן נִמְרוֹד'ן. עֶר האָט אָנגעֶהוֹיבּעֶן צוּ זײַן מעֶכטיִג אוֹיף דעֶר עֶרד.

9. עֶר איִז געֶוועֶן אַ מעֶכטיִגעֶר יעֶגעֶר פאַר גאָט. דעֶריִבּעֶר זאָגט מעֶן: אַ מעֶכטיִגעֶר יעֶגעֶר פאַר גאָט אַזוֹי וויִ נִמְרוֹד.

10. און דעֶר אָנהוֹיבּ פון זײַן קעֶניִגרײַך איִז געֶוועֶן בָּבֶל און אֶרֶךְ און אַכַּד און כַּלְנֵה איִן לאַנד שִׁנְעָר.

11. פון יעֶנעֶם לאַנד איִז עֶר אַרוֹיסגעֶגאַנגעֶן איִן אַשּׁוּר און עֶר האָט געֶבּוֹיט נִינְוֵה און רְחוֹבוֹת עִיר און כָּלַח,

12. און רֶסֶן צוויִשעֶן נִינְוֵה און צוויִשעֶן כָּלַח, דאָס איִז דיִ גרוֹיסעֶ שטאָדט.

13. און מִצְרַיִם האָט געֶבאָרעֶן דיִ לוּדִים און דיִ עֲנָמִים און דיִ לְהָבִים און דיִ נַפְתּוּחִים,

14. און דיִ פַּתְרוּסִים און דיִ כַּסְלוּחִים, וואָס פון זיִי זעֶנעֶן אַרוֹיסגעֶקוּמעֶן דיִ פְּלִשְׁתִּים, און דיִ כַּפְתּוֹרִים.

15. און כְּנַעַן האָט געֶבאָרעֶן זײַן עֶלטסטעֶן זוּהן צִידוֹן און חֵת'ן'

16. און דיִ יְבוּסִים און דיִ אֱמוֹרִים און דיִ גִרְגָשִׁים,

17. און דיִ חִוִּים און דיִ עַרְקִים און דיִ סִינִים,

18. און דיִ אַרְוָדִים און דיִ צְמָרִים און דיִ חֲמָתִים. און דעֶרנאָך זעֶנעֶן פעֶרשפּרייִט געֶוואָרעֶן דיִ געֶשלעֶכטעֶר פון דיִ כְּנַעֲנִים.

19. און דיִ גרעֶנעֶץ פון דיִ כנענים איִז געֶוועֶן פון צִידוֹן וויִ מעֶן קוּמט קײַן גְרָר ביִז עַזָּה, און וויִ מעֶן קוּמט קײַן סְדוֹם און עֲמוֹרָה און אַדְמָה און צְבוֹיִים ביִז לָשַׁע.

20. דאָס זעֶנעֶן דיִ זיִהן פון חָם, לוֹיט זייעֶרעֶ געֶשלעֶכטעֶר, לוֹיט זייעֶרעֶ שפּראַכעֶן, איִן זייעֶרעֶ לעֶנדעֶר, און זייעֶרעֶ פעֶלקעֶר.

21. און בײַ שֵׁם'ן זעֶנעֶן אוֹיך געֶבאָרעֶן געֶוואָרעֶן קיִנדעֶר, עֶר איִז געֶוועֶן דעֶר פאָטעֶר פון אַלעֶ זיִהן פון עֵבֶר דעֶר עֶלטעֶרעֶר בּרוּדעֶר פון יֶפֶת.

22. די זיהן פון שֵׁם זענען: עֵילָם און אַשּׁוּר און אַרְפַּכְשַׁד און לוּד און אֲרָם.

23. און די זיהן פון אֲרָם זענען: עוּץ און חוּל און גֶתֶר און מַשׁ.

24. און אַרְפַּכְשַׁד האָט געבאָרען שֶׁלַח'ן, און שֶׁלַח האָט געבאָרען עֵבֶר'ן.

25. און בײַ עֵבֶר'ן זענען געבאָרען געוואָרען צוויי זיהן: דער נאָמען פון איינעם איז פֶּלֶג, דען אין זײַנע צײַטען איז צעטהײלט געוואָרען די ערד, און דער נאָמען פון זײַן ברודער איז יָקְטָן.

26. און יקטן האָט געבאָרען אַלְמוֹדָד'ן און שֶׁלֶף'ן און חֲצַרְמָוֶת'ן און יָרַח'ן.

27. און הֲדוֹרָם'ן און אוּזָל'ן און דִקְלָה'ן,

28. און עוֹבָל'ן און אֲבִימָאֵל'ן און שְׁבָא'ן,

29. און אוֹפִיר'ן און חֲוִילָה'ן און יוֹבָב'ן, די אַלע זענען יָקְטָן'ס זיהן.

30. און זייער האָבען געוואָהנט פון מֵשָׁא אָן, ווי מען קומט קיין סְפָר, דעם מזרח-באַרג.

31. דאָס זענען די זיהן פון שֵׁם לויט זייערע געשלעכטער, לויט זייערע שפּראַכען, אין זייערע לענדער, לויט זייערע פעלקער.

32. דאָס זענען די געשלעכטער פון נח'ס זיהן לויט זייער געבורט אין די פעלקער, און פון די דאָזיגע זענען פערשפּרייט געוואָרען די פעלקער אויף דער ערד נאָך דעם מבול.

## קאפּיטעל 11.

1. און אויף דער גאַנצער ערד איז געװעזען אײן שפּראַך און אײן אַרט רעדען.

2. און עס איז געװעזען, װען זײ זענען אַרומגעצױגען אין מִזְרח-

לַאנד, הָאבֶּען זֵייא גֶעפִֿינֶען אַ גְלַייכֶֿען פְּלַאץ אִין לַאנד שִׁנְעָר, אוּן זֵייא הָאבֶּען דָארְט גֶעוואָהנְט.

3. הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּ'ם אַנְדֶערְן: ווֵייזְט, לָא'מִיר מַאכֶֿען צִיעגֶעל אוּן זֵייא אוֹיסְבְּרֶענְגֶען אִין פַֿייעֶר. אִיז בַּייא זֵייא גֶעוָוארֶען צִיעגֶעל אַנְשְׁטָאט שְׁטֵיין אוּן עֶרְד אַנְשְׁטָאט קַאלְךְ.

4. אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט: לָא'מִיר אוּנְז בּוֹיעֶן אַ שְׁטָאדְט אוּן אַ טוּרְם, אוּן זַיין שְׁפִּיץ זָאל דֶערְגְרֵייכֶֿען אִין הִימֶעל, אוּן מִיר ווֶעלֶען זִיךְ מַאכֶֿען אַ נָאמֶען; אוֹיבּ נִישְׁט ווֶעלֶען מִיר צֶעשְׁפְּרֵייט ווֶערֶען אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער עֶרְד.

5. אִיז גָאט אַרָאבְּגֶעגַאנְגֶען זֶעהְן דִי שְׁטָאדְט אוּן דֶעם טוּרְם, ווָאס דִי מֶענְשֶׁען-קִינְדֶער הָאבֶּען גֶעבּוֹיט.

6. אוּן גָאט הָאט גֶעזָאגְט: אָט אִיז אֵיין פָֿאלְק אוּן אַלֶע הָאבֶּען אֵיין שְׁפְּרַאךְ, אוּן דָאס הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְהוּן; אוּן אִיצְט ווֶעט זֵייא נִישְׁט שְׁווֶער זַיין צוּ טְהוּן אַלְץ, ווָאס זֵייא רֶעכֶֿענֶען.

7. לָא'מִיר אַרָאבְּגֶעהְן אוּן לָא'מִיר דָארְט צֶעמִישֶׁען זֵייעֶר שְׁפְּרַאךְ, דָאס אֵיינֶער זָאל נִישְׁט פֶֿערְשְׁטֶעהְן דֶעם צְווֵייטֶענְס שְׁפְּרַאךְ.

8. אוּן גָאט הָאט זֵייא צֶעשְׁפְּרֵייט פֿוּן דָארְטֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד, אוּן זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בּוֹיעֶן דִי שְׁטָאדְט.

9. דֶערִיבֶּער הָאט עֶר אָנְגֶערוּפֶֿען דֶעם נָאמֶען פֿוּן אָרְט בָּבֶל, ווֵייל דָארְט הָאט גָאט צֶעמִישְׁט דִי שְׁפְּרַאךְ פֿוּן דֶער גַאנְצֶער עֶרְד, אוּן פֿוּן דָארְט הָאט זֵייא גָאט צֶעשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער עֶרְד.

10. דָאס זֶענֶען דִי גֶעשְׁלֶעכְֿטֶער פֿוּן שֵׁם'ן. שֵׁם אִיז אַלְט גֶעוֶוען הוּנְדֶערְט יָאהר אוּן עֶר הָאט גֶעבָּארֶען אַרְפַּכְשַׁד'ן צְווֵייא יָאהר נָאךְ דֶעם מַבּוּל.

11. אוּן שֵׁם הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְֿדֶעם, ווִי עֶר הָאט גֶעבָּארֶען אַרְפַּכְשַׁד'ן, פִֿינְף הוּנְדֶערְט יָאהר, אוּן עֶר הָאט גֶעבָּארֶען זִיהְן אוּן טֶעכְֿטֶער.

12. אוּן אַרְפַּכְשַׁד הָאט גֶעלֶעבְּט פִֿינְף אוּן דְרֵייסִיג יָאהר, אוּן עֶר הָאט גֶעבָּארֶען שֶׁלַח'ן.

13. אוּן אַרְפַּכְשַׁד הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְֿדֶעם, ווִי עֶר הָאט

געבאָרען שלח'ן, דריי יאָהר און פיער הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען זיהן און טעכטער.

14. און שלח האָט געלעבט דרייסיג יאָהר, און ער האָט געבאָרען עבר'ן.

15. און שלח האָט געלעבט נאָכדעם, ווי ער האָט געבאָרען עבר'ן, דריי יאָהר און פיער הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען זיהן און טעכטער.

16. און עבר האָט געלעבט פיער און דרייסיג יאָהר, און ער האָט געבאָרען פלג'ן.

17. און עבר האָט געלעבט נאָכדעם, ווי ער האָט געבאָרען פלג'ן, דרייסיג יאָהר און פיער הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען זיהן און טעכטער.

18. און פלג האָט געלעבט דרייסיג יאָהר, און ער האָט געבאָרען רעו'ן.

19. און פלג האָט געלעבט נאָכדעם, ווי ער האָט געבאָרען רעו'ן, נײַן יאָהר און צוויי הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען זיהן און טעכטער.

20. און רעו האָט געלעבט צוויי און דרייסיג יאָהר, און ער האָט געבאָרען שרוג'ן.

21. און רעו האָט געלעבט נאָכדעם, ווי ער האָט געבאָרען שרוג'ן, זיעבען יאָהר און צוויי הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען זיהן און טעכטער.

22. און שרוג האָט געלעבט דרייסיג יאָהר, און ער האָט געבאָרען נחור'ן.

23. און שרוג האָט געלעבט נאָכדעם, ווי ער האָט געבאָרען נחור'ן, צוויי הונדערט יאָהר, און ער האָט געבאָרען זיהן און טעכטער.

24. און נחור האָט געלעבט נײַן און צוואַנציג יאָהר, און ער האָט געבאָרען תרח'ן.

25. און נחור האָט געלעבט נאָכדעם, ווי ער האָט געבאָרען

תֶּרַח'ן, נײַנצעהן יאָהר אונ הונדערט יאָהר, אונ ער האָט געבאָרען זיהן אונ טעכטער.

26. אונ תֶּרַח האָט געלעבט זיעבציג יאָהר. אונ ער האָט געבאָרען אַבְרָם'ן, נָחוֹר'ן, אונ הָרָנ'ען.

27. אונ דאָס זענען די געשלעכטער פון תֶּרַח'ן: תֶּרַח האָט געבאָרען אַבְרָם'ן, נָחוֹר'ן אונ הָרָנ'ען. אונ הָרָן האָט געבאָרען לוט'ן.

28. אונ הרן איז געשטאָרבען בײַ'ם לעבען פון זײַן פאָטער תרח, אין זײַן געבורטס-לאַנד, אין אור כַּשְׂדִּים.

29. אונ אַבְרָם אונ נָחוֹר האָבען זיך גענומען ווײַבער, דער נאָמען פון אַבְרָם'ס ווײַב איז געוועזען שָׂרַי, אונ דער נאָמען פון נָחוֹר'ס ווײַב איז געוועזען מִלְכָּה, די טאָכטער פון הָרָן, וואָס איז געוועזען דער פאָטער פון מִלְכָּה אונ דער פאָטער פון יִסְכָּה.

30. אונ שָׂרַי איז געוועזען אַ עֲקָרָה, זי האָט ניט געהאַט קײַן קינד.

31. אונ תרח האָט גענומען זײַן זוהן אַברם אונ לוט'ן, דעם זוהן פון הרן, זײַן אייניקעל, אונ זײַן שנור שרי, אַברם'ס ווײַב, אונ זײ זענען אַרויסגעגאַנגען מיט זײ פון אור כַּשְׂדִּים, צו געהן אין לאַנד כְּנַעַן, אונ זײ זענען געקומען ביז חָרָן, אונ זײ האָבען דאָרטען געוואָהנט.

32. אונ די צײַט פון תרח'ס לעבען איז געוועזען פינף יאָהר אונ צוויי הונדערט יאָהר, אונ תרח איז געשטאָרבען אין חרן.

---

## דריטע סֶדְרָה: לֶךְ לְךָ.

### קאַפּיטעל 12.

1. אונ גאָט האָט געזאָגט צו אַבְרָם'ן: געה דיר אַרויס פון דײַן לאַנד אונ פון דײַן געבורטס-אָרט אונ פון דײַן פאָטער'ס

הויז אין אַ לאַנד, וואָס איך וועל דיר ווייזען.

2. אונ איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ גרויס פאָלק, אונ איך וועל דיך בענשען, אונ וועל גרויס מאַכען דיין נאָמען, אונ דו וועסט זיין אַ בענשונג.

3. אונ איך וועל בענשען די, וואָס בענשען דיך, אונ די, וואָס שעלטען דיך, וועל איך פערפלוכען, אונ עס וועלען זיך בענשען מיט דיר אַלע געשלעכטער פון דער ערד.

4. אונ אַבְרָם איז געגאַנגען, אַזוי ווי גאָט האָט צו איהם גערעדט, אונ מיט איהם איז מיטגעגאַנגען לוט. אונ אַברם איז אַלט געוועזען פינף יאָהר אונ זיעבציג יאָהר, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון חָרָן.

5. אונ אַברם האָט גענומען זיין ווייב שָׂרַי אונ לוט'ן, זיין ברודערס זוהן, אונ זייער גאַנץ פערמעגען, וואָס זיי האָבען אָנגעזאַמעלט, אונ די זעלען, וואָס זיי האָבען זיך פערשאַפט אין חרן, אונ זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, צו געהן אין לאַנד כְּנַעַן, אונ זיי זענען געקומען אין לאַנד כנען.

6. אונ אַברם איז דורכגעגאַנגען אין לאַנד ביז דעם אָרט שְׁכֶם, ביז דעם בוים מוֹרֶה. אונ דעמאָלט זענען די כְּנַעֲנִים געוועזען אין דעם לאַנד.

7. אונ גאָט האָט זיך בעוויזען צו אַברם'ן אונ געזאָגט: דיינע קינדער וועל איך געבען דאָס דאָזיגע לאַנד. אונ ער האָט דאָרט געבויט אַ מִזְבֵּחַ פאַר גאָט, וואָס האָט זיך בעוויזען צו איהם.

8. אונ פון דאָרט האָט ער זיך אָבגערוקט צו'ם באַרג-צו, אויף מִזְרָח-זייט צו בֵּית-אֵל, אונ ער האָט אויסגעשלאָגט זיין געצעהלט, אַזוי אַז בית-אֵל איז געוועזען פון מַעֲרִיב-זייט אין עַי פון מזרח-זייט. אונ ער האָט געבויט אַ מזבח פאַר גאָט, אונ האָט גערופען אין נאָמען פון גאָט.

9. אונ דערנאָך האָט זיך אַברם געצויגען אַלץ ווייטער אין ווייטער צו דָרוֹם-זייט.

10. אונ עס איז געוואָרען אַ הונגער אין לאַנד. האָט אַברם

אַראָבגענידערט קיין מִצְרַיִם, צו וואָהנען דאָרט, דען דער הונגער האָט זיך פערשטאַרקט אין לאַנד.

11. און עס איז געוועזען, ווען ער איז אָנגעקומען נאָהנט, אַריינצוגעהן אין מצרים, האָט ער געזאָגט צו זיין ווייב שָׂרַי: איך האָב געוואוסט, דאָס דו ביזט א ווייב שען פון געשטאַלט;

12. און עס וועט זיין, ווען די מִצְרִים וועלען דיך דער־זעהן, וועלען זיי זאָגען: דאָס איז זיין ווייב, און זיי וועלען מיך טויטען און דיך וועלען זיי לאָזען לעבען;

13. זאָג דעריבער, דאָס דו ביזט מיין שוועסטער, כְּדֵי עס זאָל מיר גוט זיין צוליעב דיר, און מיין זעלע זאָל בלייבען לעבען פון דיינעטוועגען.

14. און עס איז געוועזען, ווען אַברם איז אַריינגעקומען אין מצרים, האָבען די מִצְרִים דערזעהן דאָס ווייב, דאָס זי איז זעהר שען.

15. און די פירשטען פון פַּרְעֹה האָבען זי געזעהן, האָבען זיי זי געלויבט פאַר פרעה'ן; איז די פרוי גענומען געוואָרען אין פַּרְעֹה'ס הויז.

16. און אַברם'ן האָט ער גוטס געטהון צוליעב איהר, און ער האָט געהאַט שאָף און רינדער און איזלען און קנעכט און דינסטען און איזלינען און קעמלען.

17. האָט גאָט געפּלאָגט פרעה'ן מיט גרויסע פּלאָגען, און אויך זיין הויז, צוליעב שרי, אַברם'ס ווייב.

18. האָט פרעה גערופען אַברם'ן און האָט געזאָגט: וואָס האָסטו מיר געטהון! פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט, דאָס זי איז דיין ווייב?

19. פאַרוואָס האָסטו געזאָגט: זי איז מיין שוועסטער, און איך האָב זי גענומען פאַר א ווייב; און איצט אָט איז דיין ווייב, נעהם און געה.

20. און פרעה האָט אָנגעזאָגט וועגען איהם זיינע מענשען, האָבען זיי איהם בעגלייט און זיין ווייב און אַלין, וואָס ער האָט געהאַט.

2. זיי האָבען געמאַכט אַ מִלְחָמָה מיט בֶּרַע, דעם קעניג פון סְדוֹם, און מיט בִּרְשַׁע, דעם קעניג פון עֲמוֹרָה, שִׁנְאָב, דעם קעניג פון אַדְמָה, און שֶׁמְאֵבֶר, דעם קעניג פון צְבוֹיִים, און דעם קעניג פון בֶּלַע, דאָס איז צוֹעַר.

3. די אַלֶע זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין טאָל פון שִׂדִּים, וואו איצט איז דער געזאַלצענער יַם.

4. צוועלף יאָהר האָבען זיי געדיענט כְּדָרְלָעֹמֶר'ן, און אין דרייצעהנטען יאָהר האָבען זיי ווידערגעשפעניגט.

5. און אין פיערצעהנטען יאָהר איז געקומען כדרלעומר און די קעניגען, וואָס מיט איהם, און זיי האָבען געשלאָגען די רְפָאִים אין עַשְׁתְּרוֹת קַרְנַיִם, און די זוּזִים אין הָם, און די אֵימִים אין שָׁוֵה קִרְיָתַיִם,

6. און די חוֹרִים אין זייער באַרג שֵׂעִיר ביז אֵיל פָּארָן, וואָס ביי'ם מִדְבָּר.

7. און זיי זענען צוריקגעגאַנגען און געקומען צו דעם קוואַל מִשְׁפָּט, דאָס איז קָדֵשׁ, און זיי האָבען געשלאָגען דאָס גאַנצע פעלד פון עֲמָלֵק, און אויך דעם אֱמוֹרִי, וואָס זיצט אין חַצְצוֹן תָּמָר.

8. איז אַרויסגעגאַנגען דער קעניג פון סדום און דער קעניג פון עמורה און דער קעניג פון אַדמה און דער קעניג פון צבויים און דער קעניג פון בלע, דאָס איז צוער, און זיי האָבען געמאַכט מיט זיי אַ מלחמה אין טאָל שִׂדִּים,

9. מיט כדרלעומר'ן, דעם קעניג פון עֵילָם, און תדעל'ן, דעם קעניג פון גוֹיִם, און אַמרפל'ן, דעם קעניג פון שנער, און אַריוך'ן, דעם קעניג פון אלסר, פיער קעניגען קעגען פינף.

10. און דער טאָל שִׂדִּים איז פול מיט גריבער פון לייהם; און די קעניגען פון סדום און עמורה זענען אַנטלאָפען געוואָרען, זענען זיי דאָרטען אַריינגעפאַלען, און די איבעריגע זענען אַנטלאָפען צו'ם באַרג.

11. האָבען זיי צוגענומען דאָס גאַנצע פערמעגען פון סדום און עמורה און זייער גאַנצע עסען־וואַרג, און זענען אַוועקגעגאַנגען.

12. און האָבען מיטגענומען לוט'ן, אַברם'ס ברודערס זוהן, און זיין גאַנץ פערמעגען, און זיי זענען אַוועקגעגאַנגען; און ער איז דעמאָלט געזעסען אין סדום.

13. איז געקומען איינער, וואָס איז אַנטרונען געוואָרען, און האָט אָנגעזאָגט אַברם'ן דעם עִבְרִי, און ער האָט דאַן געוואָהנט צווישען די בוימער פון מַמְרֵא דעם אֱמֹרִי, דער ברודער פון אֶשְׁכּוֹל און דער ברודער פון עָנֵר, און זיי זענען געשטאַנען מיט אַברם'ן אין א בונד.

14. האָט אַברם געהערט, דאָס זיין ברודער איז געפאַנגען, האָט ער בעוואָפענט זיינע קנעכט, וואָס זענען געבאָרען אין זיין הויז, אַכטצעהן און דריי הונדערט, און ער האָט נאָכגעיאָגט ביז דָן.

15. און ער האָט זיך צעטיילט און ער איז בעפאַלען אויף זיי ביינאַכט, ער און זיינע קנעכט, און ער האָט זיי געשלאָגען און זיי נאָכגעיאָגט ביז חוֹבָה, וואָס פון לינקס צו דַמֶשֶׂק,

16. און ער האָט צוריקגענומען דאָס גאַנצע פערמעגען, און אויך זיין ברודער לוט'ן און זיין פערמעגען האָט ער צוריקגענומען, און אויך די ווייבער און דאָס פאָלק.

17. און נאָכדעם, ווי ער האָט צוריקגעקעהרט פון צו שלאָגען כְּדָרְלָעוֹמֶר'ן און די קעניגען, וואָס מיט איהם, איז איהם אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגען דער קעניג פון סְדוֹם אין טאָל שָׁוֵה, דאָס איז דער טאָל פון קעניג.

18. און מַלְכִּי־צֶדֶק, דער קעניג פון שָׁלֵם, האָט אַרויסגעבראַכט ברויט און וויין; און ער איז אַ כֹּהֵן צו גאָט דעם העכסטען.

19. האָט ער איהם געבענשט און האָט געזאָגט: געבענשט איז אַברם ביי גאָט דעם העכסטען, וואָס האָט בעשאַפען הימעל און ערד;

20. און געבענשט איז גאָט דער העכסטער, וואָס האָט איבערגעגעבען דיינע פיינד אין דיינע הענד; און (אַברם) האָט איהם געגעבען אַ צעהנט־חֵלֶק פון אַלץ.

21. האָט דער קעניג פון סדום געזאָגט צו אַברם'ן: גיעב

מיר די מענשען, און דאָס פערמעגען נעהם פאַר דיר.

22. האָט אַברם געזאָגט צו'ם קעניג פון סְדוֹם: איך הויב אויף מיין האַנד צו גאָט, דעם העכסטען גאָט, וואָס האָט בעשאַפען הימעל און ערד:

23. אויב איך וועל נעהמען פון אַלין, וואָס דו האָסט, אַפילו אַ פאָדעם און אפילו אַ בענדעל פון אַ שוך; און דו זאָלסט נישט זאָגען: איך האָב רייך געמאַכט אַברם'ן;

24. נאָר אויסער דעם, וואָס די יונגען האָבען אויפגעגעסען, און דעם חֵלֶק פון די מענשען, וואָס זענען געגאַנגען מיט מיר: עָנֵר, אֶשְׁכּוֹל און מַמְרֵא זיי זאָלען נעהמען זייער חלק.

## קאַפיטעל 15.

1. נאָך די דאָזיגע געשעהענישען האָט גאָט אַזוי געזאָגט צו אַבר'ם אין אַ זעהעניש: זאָלסט נישט מורא האָבען, אַברם; איך בין דיין שוץ, דיין לוינן איז זעהר גרוים.

2. האָט אַברם געזאָגט: גאָט מיין העַרר, וואָס וועסטו מיר געבען? איך גֶעה דאָך אַרום אָהן קינדער, און דער פערהאַלטער איבער מיין הויז, איז אֱלִיעֶזֶר פון דַמֶּשֶׂק.

3. און אַברם האָט געזאָגט: דו האָסט דאָך מיר קיין קינדער נישט געגעבען, און אַזוי וועט איינער פון מיין הויזגעזינד מיך יַרְשָׁה'נען.

4. און דאַן איז געוועזען גאָטס וואָרט צו איהם אַזוי: נישט דער וועט דיך ירשה'נען, נאָר דער, וואָס וועט אַרויסגעהן פון דיינע געדערם, דער וועט דיך ירשה'נען.

5. און ער האָט איהם אַרויסגעפיהרט אויף דרויסען און האָט געזאָגט: טהו נאָר אַ קוק אויפ'ן הימעל און צעהל די שטערען, אויב דו וועסט זיי קאָנען צעהלען. און ער האָט איהם געזאָגט: אַזוי וועלען זיין דיינע קינדער.

6. און ער האָט געגלויבט אין גאָט. האָט ער איהם דאָס גערעכענט פאַר גערעכטיגקייט.

7. און עֶר האָט גֶעזאָגְט צוּ אִיהם: אִיךְ בִּין דֶער גאָט, וואָס האָט דִיךְ אַרוֹיסגֶעצוֹיגֶען פוּן „אוּר־כַּשְׂדִים, צוּ גֶעבֶּען דִיר דאָס דאָזִיגֶע לאַנד, עֶס צוּ בֶּעזִיצֶען.

8. האָט עֶר גֶעזאָגְט: גאָט מֵיין הֶערר, דוּרךְ וואָס קאָן אִיךְ וִויסֶען, דאָס אִיךְ וועֶל עֶס בֶּעזִיצֶען?

9. האָט עֶר צוּ אִיהם גֶעזאָגְט: נֶעהם מִיר אַ דרַייא־יֶעהרִיגֶע קאַלְבּ און אַ דרַייא־יֶעהרִיגֶע צִיעג און אַ דרַייא־יֶעהרִיגֶען בּאַראַן און אַ טוּרטֶעל־טוֹיבּ און אַ יוּנגֶע טוֹיבּ.

10. האָט עֶר אִיהם דאָס אַלִין גֶענוּמֶען און האָט זֵיי צֶעשְׁנִיטֶען אִין מִיטֶען, און האָט אַנִידֶערגֶעלֶעגְט אֵיין שְׁטִיק קֶעגֶען דֶער צְווייטֶער; און דִי פוֹיגֶעל האָט עֶר נִישְׁט צֶעשְׁנִיטֶען.

11. זֶענֶען דִי רוֹיבּ־פוֹיגֶעל אַראָבּגֶענִידֶערְט אוֹיף דִי נְבֵלוֹת, האָט זֵיי אַבְרָם אַוועֶקגֶעיאָגְט.

12. און ווען דִי זוּן האָט גֶעהאַלטֶען בַּיי'ם אוּנטֶערגֶעהן, אִיז אַ טִיעפֶער שְׁלאָף גֶעפאַלֶען אוֹיף אַבְרם'ן; און פוּן דֶער פִינסטֶערְנִיש אִיז אוֹיף אִיהם אַרוֹיפגֶעפאַלֶען אַגרוֹיסֶע מוֹרא.

13. און עֶר האָט גֶעזאָגְט צוּ אַבְרם'ן: זאַי וִויסֶען, אַז דֵיינֶע קִינדֶער וועֶלֶען פרֶעמד זַיין אִין אַ לאַנד, וואָס אִיז נִישְׁט זֵייעֶרס, און מֶען וועֶט זֵיי מאַכֶען פאַר קנֶעכְט, און מֶען וועֶט זֵיי פַּיינִיגֶען פִיער הוּנדֶערְט יאָהר.

14. און אוֹיךְ דאָס פאָלק, וועֶלכֶען זֵיי וועֶלֶען דִינֶען, וועֶל אִיךְ מִשְׁפָּטֶען; און דֶערנאָךְ וועֶלֶען זֵיי אַרוֹיסגֶעהן מִיט אַ גרוֹיס פֶערמֶעגֶען.

15. און דוּ וועֶסְט קוּמֶען צוּ דֵיינֶע עֶלטֶערן אִין פרִידֶען, וועֶסְט בֶּעגראָבֶּען ווערֶען אִין אַ גִיטֶען אַלטֶער.

16. און נאָךְ דֶער פִירטֶער דוֹר וועֶט צוּרִיקקֶעהרֶען אַהֶער, ווייל עֶס אִיז נאָךְ בִּיז אִיצְט נִישְׁט פאָלֶענדֶעט גֶעוואָרֶען דִי זִינד פוּן דִי אֱמוֹרִים.

17. און ווִי דִי זוּן אִיז אוּנטֶערגֶעגאַנגֶען און עֶס אִיז גֶעוואָרֶען אַ פִינסטֶערנִיש, האָט זִיךְ דֶערזֶעהן אַ רוֹיךְ פוּן אַ אוֹיוועֶן און

אַ פלאַם פייער, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך די האָזיגער שטיקער.

18. אין יענעם טאָג האָט גאָט געשלאָסען מיט אַבְרָם'ן אַ בונד און האָט צו איהם אַזוֹי געזאָגט: דיינע קינדער האָב איך געגעבען דאָס דאָזיגע לאַנד, פון טייך מִצְרַיִם ביז דעם גרויסען טייך, דעם טייך פְּרָת:

19. די קֵינִים און די קְנִזִּים און די קַדְמוֹנִים,

20. און די חִתִּים און די פְּרִזִּים און די רְפָאִים,

21. און די אֱמוֹרִים און די כְּנַעֲנִים און די גִרְגָשִׁים און די יְבוּסִים.

## קאַפּיטעל 16

1. און שָׂרַי, אַבְרם'ס ווייב, האָט איהם נישט געבאָרען קיין קינד, און זי האָט געהאַט אַ מִצְרִישֶׁע דינסט, און איהר נאָמען איז געוועזען הָגָר.

2. האָט שרי געזאָגט צו אַברם'ן: אַזוֹי ווי גאָט האָט מיך פערהאַלטען פון צו געבוירען קינדער, דעריבער קום צו מיין דינסט, אֶפְשַׁר וועל איך געהאָלפען ווערען דורך איהר. און אַברם האָט געפאָלגט שרי'ס שטימע.

3. און שרי, אַברם'ס ווייב, האָט גענומען איהר דינסט הגר די מצרית, צו דער ענדע פון צעהן יאָהר, ווי אברם האָט געוואָהנט אין לאַנד כְּנַעַן, און האָט זי געגעבען איהר מאַן אַברם'ן פאַר אַ ווייב.

4. און ער איז געקומען צו הָגָר'ן, און זי איז שוואַנגער געוואָרען. און ווי זי האָט דערזעהן, דאָס זי איז שוואַנגער געוואָרען, האָט זי אָנגעהויבען איהר ווירטין ווייניג צו שעצען.

5. האָט שרי געזאָגט צו אַברם'ן: דו ביזט שולדיג אין מיין בעלעדיגונג. איך האָב אָבגעגעבען מיין דינסט אין דיין שויס, און ווי זי האָט דערזעהן, דאָס זי איז שוואַנגער, האָט זי מיך אָנגעהויבען ווייניג צו שעצען; זאָל גאָט משפּ'טען צווישען מיר און צווישען דיר.

6. האָט אַברם געזאָגט צו שרי'ן: אָט האָסטו דיין דינסט אין דיינע האַנד, טהו מיט איהר ווי עס געפעלט דיר. האָט שרי זי געפּייניגט, איז זי אַנטלאָפען געוואָרען פון איהר.

7. האָט זי געטראָפען אַ מַלְאָךְ פון גאָט ביי'ם קוואַל פון וואַסער אין דער וויסטע, ביי דעם קוואַל, וואָס איז אויף דעם וועג קיין שור.

8. האָט ער געזאָגט: הָגָר, שָׂרַי'ס דינסט, פון וואַנען קומסטו דאָס און וואוהין געהסטו? האָט זי געזאָגט: איך אַנטלויף פון מיין ווירטין שרי.

9. האָט דער מלאך פון גאָט צו איהר געזאָגט: קעהר צוריק צו דיין ווירטין, און ווער געפּייניגט אונטער איהרע האַנד.

10. און דער מלאך פון גאָט האָט צו איהר געזאָגט: איך וועל זעהר פערמעהרען דיינע קינדער, און זיי וועלען זיין אַזוי פיעל, דאָס מען וועט זיי נישט קאָנען איבערצעהלען.

11. און דער מלאך פון גאָט האָט צו איהר געזאָגט: דו ביזט שוואַנגער, און דו וועסט געבוירען אַ זוהן, זאָלסטו אָנרופען זיין נאָמען יִשְׁמָעֵאל, דען גאָט האָט דערהערט דיין פּיין.

12. און ער וועט זיין אַ ווילדער מענש; זיין האַנד קעגען אַלעמען און אַלעמענ'ס האַנד קעגען איהם; און ער וועט וואָהנען פאַר זיינע אַלע ברידער.

13. האָט זי אָנגערופען דעם נאָמען פון גאָט, וואָס האָט גערעדט צו איהר: דו גאָט פון זעהן; דען זי האָט געזאָגט: איך דאָ האָב איך געזעהן, וואָס איך האָב שוין אַמאָל געזעהן.

14. דעריבער רופט מען יענעם ברונען: בְּאֵר לַחַי רֹאִי, און ער איז צווישען קָדֵשׁ און צווישען בָּרֶד.

15. און הגר האָט אַברם'ן געבאָרען אַ זוהן, און אַברם האָט אָנגערופען דעם נאָמען פון זיין זוהן, וואָס הגר האָט געבאָרען, יִשְׁמָעֵאל.

16. און אברם איז אַלט געווען אַכציג יאָהר און זעקס יאָהר, ווען הגר האָט אַברם'ן געבאָרען ישמעאל'ן.

# קאפיטעל 17.

1. און אַבְרָם איז אַלט געוואָרען ניינצִיג יאָהר און ניין יאָהר. און גאָט האָט זיך בעוויזען צו אַברם'ן און האָט געזאָגט צו איהם: איך בין גאָט דער אַלמעכטיגער; געה פאַר מיר און זיי פרום;

2. און איך וועל געבען מיין בונד צווישען מיר און צווישען דיר, און איך וועל דיך פערמעהרען זעהר און זעהר.

3. איז אַברם געפאַלען אויף זיין אַנגעזיכט, און גאָט האָט מיט איהם אַזוי גערעדט:

4. איך בין עס, אָט מאַך איך מיין בונד מיט דיר, און דו זאָלסט ווערען אַ פאָטער פון פיעל פעלקער.

5. און עס זאָל שוין מעהר ניט גערופען ווערען דיין נאָמען אַבְרָם, נאָר דיין נאָמען זאָל זיין אַבְרָהָם, דען איך האָב דיך געמאַכט פאַר אַ פאָטער פון פיעל פעלקער.

6. און איך וועל דיך מאַכען זעהר און זעהר פרוכטבאַר, און איך וועל פון דיר מאַכען פעלקער, און קעניגען וועלען פון דיר אַרויסקומען.

7. און איך וועל אויפשטעלען מיין בונד צווישען מיר און צווישען דיר און צווישען דיינע קינדער נאָך דיר, לויט זייערע דורות, אַ עביגען בונד, דאָס איך זאָל דיר זיין אַ גאָט און דיינע קינדער נאָך דיר.

8. און איך וועל געבען דיר און דיינע קינדער נאָך דיר דאָס לאַנד, וואו דו וואָהנסט איצט, דאָס גאַנצע לאַנד כְּנַעַן, פאַר אַ עביגע בעזיצונג, און איך וועל זיי זיין פאַר אַ גאָט.

9. און גאָט האָט געזאָגט צו אַבְרָהָם'ן: און דו זאָלסט אָפּהיטען מיין בונד, דו און דיינע קינדער נאָך דיר לויט זייערע דורות.

10. דאָס איז מיין בונד, וואָס איהר זאָלט אָפּהיטען צווישען מיר און צווישען אייך און צווישען דיינע קינדער נאָך דיר: עס זאָל בעשניטען ווערען ביי אייך יעדער זָכָר.

11. אוּן בֶּעשְׁנַיידֶען זָאלְט אִיהר דִי פָארְהוֹיט פוּן אַייעֶר פְלֵיישׁ, אוּן דָאס װעֶט זַיין אַלס צֵייכֶען פוּן בּוּנד צְווִישֶׁען מִיר אוּן צְווִישֶׁען אַייךְ.

12. אוּן אִין דִי קִינְפְטִיגֶע דוֹרוֹת זָאל בֶּעשְׁנִיטֶען װעֶרֶען בַּיי אַייךְ יֶעדֶער זָכָר, װעֶן עֶר אִיז אַלְט אַכְט טָאג, צִי עֶר אִיז גֶעבָּארֶען אִין הוֹיז, צִי עֶר אִיז גֶעקוֹיפְט פַאר גֶעלְד פוּן פְרֶעמְדֶע, װָאס שְׁטַאמֶען נִישְׁט אַרוֹיס פוּן דִיר.

13. בֶּעשְׁנִיטֶען זָאל װעֶרֶען דֶער גֶעבָּארֶענֶער אִין דַיין הוֹיז אוּן דֶער גֶעקוֹיפְטֶער פַאר דַיין גֶעלְד, אוּן מַיין בּוּנד זָאל זַיין אִין אַייעֶר לַייבּ פַאר אַ עֶבִּיגֶען בּוּנד.

14. אוּן אַ אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶענֶער זָכָר, װָאס װעֶט נִישְׁט בֶּעשְׁנַיידֶען דִי פָארְהוֹיט פוּן זַיין פְלֵיישׁ, זָאל זַיין זֶעלֶע פֶערְשְׁנִיטֶען װעֶרֶען פוּן אִיהר פָאלְק, דֶען עֶר הָאט צֶעשְׁטֶערְט מַיין בּוּנד.

15. אוּן גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם'ן: שָׂרַי דַיין װַייבּ, זָאלְסְטוּ נִישְׁט אָנְרוּפֶען אִיהר נָאמֶען שָׂרַי, דֶען שָׂרָה אִיז אִיהר נָאמֶען.

16. אוּן אִיךְ װעֶל זִי בֶּענְשֶׁען, אוּן אִיךְ װעֶל דִיר פוּן אִיהר אוֹיךְ גֶעבֶּען אַ זוּהן, אוּן אִיךְ װעֶל זִי בֶּענְשֶׁען, אוּן עֶס װעֶלֶען װעֶרֶען פוּן אִיהר פֶעלְקֶער, קֶענִיגֶע אִיבֶּער פֶעלְקֶער װעֶלֶען פוּן אִיהר װעֶרֶען.

17. אִיז אַבְרָהָם גֶעפַאלֶען אוֹיף זַיין אַנְגֶעזִיכְט אוּן הָאט גֶע־לַאכְט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט אִין זַיין הַארְצֶען: צִי דֶען בַּיי אַיינֶעם, װָאס אִיז אַלְט הוּנְדֶערְט יָאהר, זָאל גֶעבָּארֶען װעֶרֶען אַ קִינְד, אוּן צִי דֶען שָׂרָה, װָאס אִיז אַלְט נַיינְצִיג יָאהר, זָאל גֶעבֶּיירֶען?

18. אוּן אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט: הַלְוַאי זָאל יִשְׁמָעֵאל לֶעבֶּען פַאר דִיר.

19. הָאט גָאט גֶעזָאגְט: װִירְקְלִיךְ, שָׂרָה דַיין װַייבּ װעֶט דִיר גֶעבֶּיירֶען אַ קִינְד, אוּן דוּ זָאלְסְט אָנְרוּפֶען זַיין נָאמֶען יִצְחָק, אוּן אִיךְ װעֶל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען מַיין בּוּנְד מִיט אִיהם פַאר אַ עֶבִּיגֶען בּוּנְד אוּן מִיט זַיינֶע קִינְדֶער נָאךְ אִיהם.

20. אוּן װָאס דוּ הָאסְט גֶעבֶּעטֶען װעֶגֶען יִשְׁמָעֵאל'ן, הָאבּ

אונ דיך איך דערהערט, דען איך האב איהם געבענשט, אונ איך וועל איהם מאַכען פרוכטבאַר, אונ וועל איהם פערמעהרען זעהר אונ זעהר. צוועלף פירשטען זאָל ער געבוירען, אונ איך וועל פון איהם מאַכען אַ גרויס פאָלק.

21. נאָר מיין בונד וועל איך אויפשטעלען מיט יִצְחָק׳ן, וואָס שרה וועט דיר געבוירען צו דער דאָזיגער צייט אין אַנדער׳ן יאָהר.

22. אונ ער האָט געענדיגט רעדען מיט איהם, אונ גאָט איז אַרויסגעגאַנגען פון אַבְרָהָם׳ן.

23. אונ אברהם האָט גענומען זיין זוהן ישמעאל אונ אַלע, וואָס זענען געבאָרען געוואָרען אין זיין הויז, אונ אַלע, וואָס ער האָט געקויפט פאַר געלד, אַלע זְכָרים פון די מענשען פון אברהם׳ס הויז, אונ ער האָט בעשניטען די פאָרהויט פון זייער פלייש אין דעם דאָזיגען זעלביגען טאָג, ווען גאָט האָט מיט איהם גערעדט.

24. אונ אברהם איז אַלט געוועזען ניין אונ ניינציג יאָהר, ווען ער האָט זיך בעשניטען די פאָרהויט פון זיין פלייש.

25. אונ זיין זוהן ישמעאל איז אַלט געוועזען דרייצעהן יאָהר, ווען ער האָט זיך בעשניטען די פאָרהויט פון זיין פלייש.

25. אין דעם דאָזיגען זעלביגען טאָג איז בעשניטען געוואָרען אברהם אונ זיין זוהן ישמעאל,

27. אונ אַלע מענשען פון זיין הויז, וואָס זענען געבאָרען געוואָרען אין זיין הויז, אונ די, וואָס זענען געקויפט געוואָרען פאַר געלד פון פרעמדע, זענען בעשניטען געוואָרען מיט איהם.

---

## פיערטע סֶדְרָה: וַיֵרָא.

### קאפיטעל 18.

1. אונ גאָט האָט זיך צו איהם בעוויזען צווישען די בוימער פון מַמְרֵא, אונ ער איז געזעסען ביי׳ם טהיר פון געצעלט, ווען דער טאָג איז הייס געוואָרען.

2. האָט ער אױפגעהױבען זײַנע אױגען און האָט דערזעהן, װי דרײַ מענער שטעהען פאַר איהם; און װי ער האָט דערזעהן, איז ער זײ געלאָפען אַקעגען פון טהיר פון געצעלט, און האָט זיך געבױקט ביז צו דער ערד.

3. און האָט געזאָגט: מײַן הער, אױב איך האָב געפונען ליבטזעליגקײַט אין דײַנע אױגען, זאָלסטו נישט פאָרבײַגעהן פאַר דײַן קנעכט.

4. מען װעט ברענגען אַ ביסעל װאַסער, און װאַשט אָב אײַערע פיס, און לעהנט זיך אָן אונטער דעם בױם.

5. און איך װעל נעהמען אַ שטיקעל ברױט, און שטאַרקט אײַער האַרץ, דערנאָך װעט איהר װײַטער געהן, דען דערױבער זענט איהר פערבײַגעגאַנגען פאַר אײַער קנעכט. האָבען זײ געזאָגט: אַזױ זאָלסטו טהון, װי דו האָסט גערעדט.

6. האָט אברהם געאײַלט אין געצעלט צו שרה'ן און האָט געזאָגט: אײַל, נעהם דרײַ מאָס זעמעל־מעהל, קנעט און מאַך קוכענס.

7. און צו די רינדער איז אברהם געלאָפען, און האָט גענומען אַ יונגע, גוטע קאַלב, און האָט געגעבען דעם יונג, און ער האָט געאײַלט זי צורעכט צו מאַכען.

8. און ער האָט גענומען פוטער און מילך און די קאַלב, װאָס ער האָט צורעכט געמאַכט, און האָט עס געגעבען פאַר זײ, און ער איז געשטאַנען נעבען זײ אונטער דעם בױם, און זײ האָבען געגעסען.

9. האָבען זײ געזאָגט צו איהם: װאו איז דײַן װײַב שרה; האָט ער געזאָגט: זי איז אין געצעלט.

10. האָט (אײנער פון זײ) געזאָגט: איך װעל װידער צוריקקעהרען צו דיר איבער אַ יאָהר אין דער צײַט, און דאַן װעט דײַן װײַב שרה שױן האָבען אַ זוהן. און שרה האָט דאָס געהערט אין טהיר פון געצעלט, הינטער איהם.

11. און אברהם און שרה זענען שױן געװען אַלטע, בײַ־

יאָהרטע, בײַ שרה'ן האָט שוין אויפגעהערט צו זײַן ווי דער שטײַ-
גער איז בײַ ווײַבער.

12. האָט שרה געלאַכט אין זיך און האָט געזאָגט: נאָכדעם, ווי איך בין שוין אַלט געוואָרען, זאָל איך נאָך האָבען פערגעניגען, ווען מײַן הערר איז שוין אויך אַלט?

13. האָט גאָט געזאָגט צו אברהם'ן: פאַרוואָס האָט דאָס שרה געלאַכט און האָט געזאָגט: צי דען וועל איך נאָך געבוירען, ווען איך בין שוין אַלט?

14. צי דען איז פאַר גאָט עפּעס אונמעגליך? צו דער צײַט, ווען איך וועל צו דיר ווידער קומען, איבער אַ יאָהר אין דער צײַט, וועט שוין שרה האָבען אַ זוהן.

15. האָט שרה געלייקענט און האָט געזאָגט: איך האָב ניש געלאַכט, דען זי האָט מורא געהאַט. האָט ער געזאָגט: ניין, דען דו האָסט יאָ געלאַכט.

16. און די מענער זענען פון דאָרטען אויפגעשטאַנען און האָבען אַ קוק געטהון צו סדום צו, און אברהם געהט מיט זיי, זיי צו בעגלייטען.

17. און גאָט האָט געזאָגט: צי דען זאָל איך פערבאָרגען פון אברהם'ן דאָס, וואָס איך טהו.

18. און אברהם וועט דאָך ווערען אַ גרויס טאָכטיג פאָלק, און עס וועלען זיך מיט איהם בענשען אַלע פעלקער פון דער ערד.

19. דען איך קען איהם, דאָס ער וועט אָנזאָגען זײַנע קינדער און זײַן הויז נאָך איהם, דאָס זיי זאָלען אָבהיטען גאָט'ס וועג און זאָלען טהון גערעכטיגקײַט און געזעץ, כדי גאָט זאָל ברענ-
גען אויף אברהם'ן דאָס, וואָס ער האָט גערעדט וועגען איהם.

20. האָט גאָט געזאָגט: דאָס געשריי פון סדום און עמורה איז געוואָרען זעהר גרויס, און זייער זינד איז געוואָרען זעהר שווער.

21. איך וועל דעריבער אַראָבנידערען און זעהן: צי האָבען זיי אַלין געטהון לויט דעם געשריי, וואָס איז געקומען צו מיר, אָדער ניין, וועל איך וויסען.

22. און דִי מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ פוּן דָארט אָבּגעוֶוענדעט און זֶענֶען גֶעגַאנגֶען קֵיין סְדוֹם. און אברהם אִיז נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען שטֶעהֶן פַאר גָאט.

23. און אברהם אִיז צוּגֶענַאנגֶען און הָאט געֶזָאגט: צִי דֶען וֶועסטוּ אוּמבּרֶענגֶען אַ צַדִיק מִיט אַ רָשָׁע?

24. אֶפְשֶׁר זֶענֶען דָא פִינְפְצִיג צַדִיקִים אִין דֶער שטָאדט; צִי דֶען וֶועסטוּ זֵייא אוּמבּרֶענגֶען, און וֶועסט נִישט פֶערגֶעבֶּען דֶעם אָרט צוּלִיעבּ דִי פִינְפְצִיג צדיקים, וואָס אִין אִיהם?

25. עֶס אִיז אוּנמֶעגלִיךְ, דאָס דוּ זָאלסט טהוּן אַזאַ זאַךְ, צוּ טוֹיטֶען אַ צַדִיק מִיט אַ רָשָׁע, און דֶער צדיק זָאל זַיין אַזוֹי וִוי דֶער רשע, עֶס אִיז אוּנמֶעגלִיךְ; צִי דֶען דֶער, וואָס מְשַׁפֵּ׳ט דִי גַאנצֶע עֶרד, זָאל נִישט טהוּן גֶערֶעכְטִיגקַייט?

26. הָאט גָאט גֶעזָאגט: אוֹיבּ אִיךְ וֶועל גֶעפִינֶען אִין סדום פִינְפְצִיג צדיקים אִין דֶער שטָאדט, וֶועל אִיךְ פֶערגֶעבֶּען דֶעם גַאנְצֶען אָרט צוּלִיעבּ זֵייא.

27. הָאט אברהם גֶעֶנטפֶערט און הָאט גֶעזָאגט: אָט הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעוואַגט צוּ רֵעדֶען צוּ מֵיין הֶערְרן, און אִיךְ בִּין דָאךְ נָאר שטוֹיבּ און אַש.

28. אֶפשֶׁר וֶועלֶען פֶעהלֶען פוּן פִינְפְצִיג צדיקים פִינְף; צִי דֶען וֶועסטוּ צוּלִיעבּ דִי פִינְף פֶערדאַרבֶּען דִי גַאנצֶע שטָאדט? הָאט עֶר גֶעזָאגט: אִיךְ וֶועל נִישט פֶערדאַרבֶּען, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל דָארט גֶעפִינֶען פִינְף און פֶערצִיג.

29. הָאט עֶר נָאךְ גֶערֶעדט צוּ אִיהם און הָאט גֶעזָאגט: אֶפשֶׁר וֶועלֶען זִיךְ דָארט גֶעפִינֶען פִיערצִיג? הָאט עֶר גֶעזָאגט: אִיךְ וֶועל דָאס נִישט טהוּן אוֹיךְ צוּלִיעבּ דִי פִיערצִיג.

30. הָאט עֶר גֶעזָאגט: זָאל נִישט פֶערדרִיסֶען מֵיין הֶערְרן, וֶוען אִיךְ וֶועל נָאךְ רֵעדֶען: אֶפשֶׁר וֶועלֶען זִיךְ דָארט גֶעפִינֶען דְרַייסִיג? הָאט עֶר גֶעזָאגט: אִיךְ וֶועל דָאס נִישט טהוּן, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל דָארט גֶעפִינֶען דְרַייסִיג.

31. הָאט עֶר גֶעזָאגט: אָט הָאבּ אִיךְ זִיךְ שוֹין גֶעוואַגט צוּ רֵעדֶען צוּ מֵיין הֶערר: אֶפשֶׁר וֶועלֶען זִיךְ דָארט גֶעפִינֶען צְוַאנְצִיג?

האָט ער געזאָגט : איך וועל נישט פערדארבען צוליעב די צוואנציג.

32. האָט ער געזאָגט : זאָל נישט פערדריסען מיין הערען, און איך וועל נאָך רעדען נאָר דאָס מאָל : אפשר וועלען זיך דאָרט געפינען צעהן ? האָט ער געזאָגט : איך וועל נישט פערדארבען צוליעב די צעהן.

33. און גאָט איז אוועקגעגאנגען, ווי ער האָט געענדיגט רעדען צו אברהם'ן, און אברהם האָט צוריקגעקעהרט צו זיין אָרט.

## קאפיטעל 19.

1. און די צוויי מלאָכים זענען געקומען קיין סדום אין אָבענד; און לוט איז געזעסען ביי'ם טהויער פון סדום. און ווי לוט האָט זיי דערזעהן, איז ער אויפגעשטאנען קעגען זיי און האָט זיך גע־בוקט מיט'ן אנגעזיכט צו דער ערד.

2. און ער האָט געזאָגט : איך בעט אייך מיינע הערען, טרעט אָב אין הויז פון אייער קנעכט און נעכטיגט איבער און וואשט אָב אייערע פיס, און אין דער פריה וועט איהר אויפשטעהן און וועט זיך געהן אייער וועג. האָבען זיי געזאָגט : ניין, נאָר אין גאס וועלען מיר נעכטיגען.

3. האָט ער זיי שטארק געבעטען, האָבען זיי אָבגעטרעטען צו איהם, און זיי זענען אריינגעקומען אין זיין הויז; האָט ער זיי געמאכט א מאָהלצייט און האָט געבאקען מצות, און זיי האָבען געגעסען.

4. נאָך איידער זיי האָבען זיך געלעגט, און די מענשען פון שטאָדט, די סדום־לייט, האָבען ארומגערינגעלט דאָס גאנצע הויז, פון יונג ביז אלט, דאָס גאנצע פאָלק פון אלע עקען;

5. און האָבען גערופען לוט'ן און האָבען געזאָגט צו איהם : וואו זענען די מענשען, וואָס זענען צו דיר די נאכט געקומען ? פיהר זיי ארויס צו אונז, און מיר וועלען זיי דערקענען.

6. איז לוט ארויסגעגאנגען צו זיי פאר דער טהיר, און

דִי טהִיר הָאט עֶר פֶערשלָאסֶען הִינטעֶר זִיךְ,

7. אוּן הָאט גֶעזָאגט: אִיךְ בֶּעט אַייךְ, מַיינֶע בְּרִידֶער, אִיהר זָאלט נִישט טהוּן קֵיין שלֶעכטֶס.

8. אָט הָאבּ אִיךְ צְווֵיי טֶעכטֶער, וָואס הָאבֶּען נָאךְ נִישט דֶערקֶענט קֵיין מַאן; וֶועל אִיךְ זֵיי אַרוֹיספִיהרֶען צוּ אַייךְ, אוּן טהוּט מִיט זֵיי, ווִי אַייךְ אִיז בֶּעלִיעבּט, נָאר דִי דָאזִיגֶע מֶענעֶר זָאלט אִיהר קֵיין זַאךְ נִישט טהוּן, דֶען זֵיי זֶענֶען דָאךְ אַרַיינגֶעקוּמֶען אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן מַיין דַאךְ.

9. הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגט: גֶעה אַוֶועק פוּן דַאנֶען! אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגט: אֵיינֶער, וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אַהֶער וָואהנֶען, זָאל עֶר דָא רֶעגִירֶען? דֶערפַאר וֶועלֶען מִיר דִיר אִיצט עֶרגֶער טהוּן ווִי זֵיי. אוּן זֵיי זֶענֶען צוּ לוֹט׳ן זֶעהר שטַארק צוּגֶעשטַאנֶען, אוּן זֶענֶען צוּגֶעגַאנגֶען צוּ צֶעבְּרֶעכֶען דִי טהִיר.

10. הָאבֶּען דִי מֶענֶער אַרוֹיסגֶעשטרֶעקט זֵייעֶר הַאנד אוּן הָאבֶּען אַרַיינגֶעבְּרַאכט לוֹט׳ן צוּ זִיךְ אִין שטוּבּ אַרַיין, אוּן דִי טהִיר הָאבֶּען זֵיי פֶערשלָאסֶען,

11. אוּן דִי מֶענשֶען, וָואס פַאר דֶער טהִיר פוּן הוֹיז, הָאבֶּען זֵיי גֶעשלָאגֶען מִיט בְּלִינדשַאפט פוּן קלֵיין בִּיז גְרוֹיס. אוּן זֵיי זֶענֶען מִיעד גֶעווָארֶען צוּ גֶעפִינֶען דִי טהִיר.

12. אוּן דִי מֶענֶער הָאבֶּען גֶעזָאגט צוּ לוֹט׳ן: ווֶעמֶען דוּ הָאסט דָא נָאךְ, צִי אַ אֵיידֶעם, צִי דַיינֶע זִיהן אוּן דַיינֶע טֶעכטֶער, צִי אַלִין, וָואס דוּ הָאסט דָא אִין שטָאדט, פִיהר אַרוֹיס פוּן דַאנֶען;

13. דֶען מִיר פֶערדַארבֶּען דֶעם דָאזִיגֶען אָרט, ווַייל עֶס אִיז גְרוֹיס זֵייעֶר גֶעשרֵיי צוּ גָאט, אוּן גָאט הָאט אוּנז גֶעשִׁיקט צוּ פֶערדַארבֶּען דִי שטָאדט.

14. אִיז לוֹט אַרוֹיסגֶעגַאנגֶען אוּן הָאט גֶערֶעדט צוּ זַיינֶע אֵיידֶעמֶס, וָואס הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַיינֶע טֶעכטֶער, אוּן הָאט גֶעזָאגט: שטֶעהט אוֹיף, גֶעהט אַרוֹיס פוּן דֶעם דָאזִיגֶען אָרט, דֶען גָאט פֶערדַארבְּט דִי שטָאדט. אִיז עֶר אֵייגֶעקוּמֶען אִין דִי אוֹיגֶען פוּן זַיינֶע אֵיידֶעמֶס, ווִי עֶר וָואלט גֶעשפַּאסט.

15. און ווי דער מאָרגענשטערן איז אויפגעגאַנגען, האָבען די מלאָכים געדרונגען לוט'ן, ער זאָל זיך איילען, און האָבען געזאָגט: שטעה אויף, נעהם דיין ווייב און דיינע צוויי טעכטער, וואָס געפינען זיך דאָ, אויב ניט קאָנסטו אומקומען צוליעב דער זינד פון שטאָדט.

16. האָט ער זיך פערזאַמט, האָבען די מענשען אָנגענומען זיין האַנד און די האַנד פון זיין ווייב און די האַנד פון זיינע צוויי טעכטער, דען גאָט האָט זיך אויף איהם דערבאַרמט, און זיי האָבען איהם אַרויסגעפיהרט און איהם געלאָזען אויסער דער שטאָדט.

17. און ווי זיי האָבען איהם אַרויסגעפיהרט אויף דרויסען, האָבען זיי געזאָגט: ווער אַנטרונגען מיט דיין זעעלע. זאָלסט זיך ניט אומקוקען הינטער זיך און זאָלסט זיך ניט אָבשטעלען אין דעם גאַנצען געגענד, צו'ם באַרג ווער אַנטרונגען, אויב ניט, וועסט אומקומען.

18. האָט לוט געזאָגט צו זיי: אַח, ניין, מיין הערר!

19. אַזוי ווי דיין קנעכט האָט געפונען לייטזעליגקייט אין דיינע אויגען, און דו האָסט גרויס געמאַכט דיין גנאָד, וואָס דו האָסט געטהון מיט מיר, צו לאָזען לעבען מיין זעעלע, נאָר איך קען ניט אַנטרונגען ווערען צו'ם באַרג, טאָמער יאָגט מיך אָן דאָס אונגליק און איך וועל שטאַרבען;

20. אָט איז די דאָזיגע שטאָדט נאָהנט צו אַנטלויפען אַהין, און זי איז קליין, וועל איך אַהין אַנטלויפען; דאָס איז דאָך אַ קליינינקייט, און מיין זעעלע וועט בלייבען לעבען.

21. האָט ער געזאָגט צו איהם: אָט גיעב איך דיר נאָך אויך אין דער דאָזיגער זאַך, ניט איבערצוקעהרען די שטאָדט, וואָס דו האָסט געזאָגט;

22. איל און ווער אַנטרונגען אַהין, דען איך קאָן קיין זאַך ניט טהון, ביז דו וועסט אַהין אָנקומען. דעריבער רופט מען דעם נאָמען פון דער שטאָדט צוער.

23. די זון איז אַרויסגעגאַנגען איבער דער ערד, און לוט איז געקומען קיין צוער.

24. און גאָט האָט געמאַכט רעגענען אויף סְדוֹם און אויף עֲמוֹרָה שוועבעל און פייער פון גאָט, פון הימעל;

25. און ער האָט איבערגעקעהרט די דאָזיגע שטעדט און דעם גאַנצען געגענד און אַלע איינוואָהנער פון די שטעדט און די שפּראָצונגען פון דער ערד.

26. האָט (לוט'ס) ווייב אַ קוק געטהון הינטער זיך, איז זי געוואָרען אַ זייל זאַלץ.

27. און אברהם איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה (און איז געגאַנגען) צו'ם אָרט, וואו ער איז דאָרט געשטאַנען פאַר גאָט.

28. און ער האָט אַ קוק געטהון צו סדום צו און צו עמורה און אויף די גאַנצע ערד פון געגענד, און ער האָט דערזעהן, ווי אַ רויך האָט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד, אַזוי ווי אַ רויך פון אַ קאַלך-אויווען.

29. און עס איז געווען, ווען גאָט האָט פערדאָרבען די שטעדט פון געגענד, האָט זיך גאָט דערמאָהנט אָן אברהם'ן, און ער האָט אַרויסגעשיקט לוט'ן פון דער איבערקעהרעניש, ווען ער האָט איבערגעקעהרט די שטעדט, וואָס לוט איז אין זיי געזעסען.

30. און לוט איז אַרויפגעגאַנגען פון צוֹער און האָט זיך בעזעצט אין באַרג, און מיט איהם זענען געווען זיינע צוויי טעכטער, דען ער האָט מורא געהאַט צו זיצען אין צוער, איז ער געזעסען אין אַ הייהל, ער און זיינע צוויי טעכטער.

31. האָט די עלטערע געזאָגט צו דער יונגערער: אונזער פאָטער איז אַלט, און קיין מענש איז נישטאָ אויף דער ערד, ער זאָל קומען צו אונז, אַזוי ווי דער שטייגער פון דער גאַנצער וועלט;

32. קום לאָ'מיר אָנטרינקען אונזער פאָטער ווייַן, און מיר וועלען ליגען מיט איהם, און מיר וועלען לאָזען לעבען פון אונזער פאָטער אַ זאָמען.

33. און זיי האָבען אָנגעטרונקען זייער פאָטער ווייַן אין יענער נאַכט, און די עלטערע איז געקומען און איז געלעגען מיט איהר

פאָטער, און ער האָט נישט געוואוסט ווי זי האָט זיך געלעגט און ווי זי איז אויפגעשטאַנען.

34. און עס איז געווען אויף צו מאָרגענס, האָט די עלטערע געזאָגט צו דער יונגערער: איך בין דאָך נעכטען געלעגען מיט אונזער פאָטער, לאָ'מיר איהם אָנטרינקען ווײַן אויך די נאַכט, און דו גיי, ליעג מיט איהם, און לאָ'מיר לאָזען לעבען פון אונזער פאָטער אַ זאָמען.

35. האָבען זיי אויך אין יענער נאַכט אָנגעטרונקען זייער פאָטער ווײַן, איז געקומען די יונגערע און איז געלעגען מיט איהם, און ער האָט נישט געוואוסט, ווי זי האָט זיך געלעגט און ווי זי איז אויפגעשטאַנען.

36. און בײדע טעכטער פון לוט'ן זענען שוואַנגער געוואָרען פון זייער פאָטער.

37. און די עלטערע האָט געבאָרען אַ זוהן און זי האָט אָנגערופען זיין נאָמען: מואב, ער איז דער פאָטער פון מואב ביז הײַנט.

38. און די יונגערע האָט אויך געבאָרען אַ זוהן, און זי האָט אָנגערופען זײַן נאָמען: בֶּן־עַמִּי, ער איז דער פאָטער פון די זיהן פון עמון ביז הײַנט.

## קאַפּיטעל 20.

1. און אברהם האָט פון דאָרט געצויגען אין לאַנד פון דָּרוֹם; און האָט זיך בעזעצט צווישען קָדֵשׁ און צווישען שׁוּר און האָט געוואָהנט אין גְּרָר.

2. און אברהם האָט געזאָגט וועגען זײַן פרוי שרה: זי איז מײַן שוועסטער. האָט אֲבִימֶלֶךְ, דער קעניג פון גְּרָר געשיקט, און האָט גענומען שרה'ן.

3. איז גאָט געקומען צו אבימלך'ן בײַ נאַכט אין חָלוֹם און האָט צו איהם געזאָגט: דו ועסט שטאַרבען צוליעב דער פרוי,

װאָס דו האָסט גענומען, דען זי איז אַ װײַב פֿון אַ מאַן.

4. נאָר אבימלך האָט זיך נישט צוגערירט צו איהר און האָט געזאָגט: הער, צי דען װעסטו טױדטען אפילו אַ גערעכטיג פֿאָלק?

5. צי דען האָט ער מיר נישט געזאָגט: זי איז מײַן שװעסטער, און אױך זי האָט מיר געזאָגט: ער איז מײַן ברודער. מיט אַ עהרליך האַרץ און מיט רײנע הענד האָב איך דאָס געטהון.

6. האָט גאָט צו איהם געזאָגט אין חלום: איך װײס אױך, אַז דו האָסט דאָס געטהון מיט אַ עהרליך האַרץ, און איך האָב דיך אָבגעהאַלטען פֿון צו זינדיגען קעגען מיר, און דעריבער האָב איך דיך נישט געלאָזט זיך צורירען צו איהר.

7. און איצט גיעב אָב דעם מאַן דאָס װײַב, דען ער איז אַ נביא, און ער װעט בעטען פֿאַר דיר, װעסטו לעבען; און אױב דו װעסט נישט אָבגעבען, זאָ װיסען, דאָס דו װעסט שטאַרבען, דו און אַלץ װאָס דײַן איז.

8. איז אבימלך אױפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿריה און האָט צוזאַמענגערופֿען זײַנע אַלע קנעכט, און האָט אין זײערע אױערען גערעדט די דאָזיגע אַלע װערטער, האָבען די מענשען זעהר מורא געהאַט.

9. און אבימלך האָט גערופֿען אברהם'ן און האָט צו איהם געזאָגט: װאָס האָסטו אונז געטהון? און װאָס האָב איך קעגען דיר געזינדיגט, װאָס דו האָסט אױף מיר און אױף מײַן קעניגרײַך געבראַכט אַזאַ גרױסע זינד? זאַכען, װאָס זאָלען נישט געטהון װערען, האָסטו מיט מיר געטהון.

10. און אבימלך האָט געזאָגט צו אברהם'ן: װאָס איז דיר אײַנגעפֿאַלען, דאָס דו האָסט געטהון די דאָזיגע זאַך?

11. האָט אברהם געזאָגט: װײַל איך האָב געטראַכט: טאָמער איז קײן מורא פֿאַר גאָט נישטאָ אין דעם דאָזיגען אָרט, און זײ װעלען מיך טױדטען צוליעב מײַן װײַב.

12. און דערצו איז זי װירקליך מײַן שװעסטער, די טאָכטער פֿון מײַן פֿאָטער איז זי, נאָר נישט די טאָכטער פֿון מײַן מוטער, און זי איז געװאָרען מײַן װײַב.

13. און עס איז געווען, ווען גאָט האָט מיך געהייסען אַרויסוואַנ־דערין פֿון מיין פֿאָטערס הויז, האָב איך צו איהר געזאָגט: אָט דאָס איז די גנאָד, וואָס דו וועסט מיט מיר טהון: און יעדען אָרט, וואוהין מיר וועלען קומען, זאָג וועגען מיר: ער איז מיין ברודער.

14. און אבימלך האָט גענומען שאָף און רינדער און קנעכט און דינסטען און האָט געגעבען אברהם'ן, און ער האָט איהם אָב־געגעבען זיין ווייב שרה.

15. און אבימלך האָט געזאָגט: אָט איז מיין לאַנד פֿאַר דיר, וואו דיר געפֿעלט, זיץ.

16. און צו שרה'ן האָט ער געזאָגט: אָט האָב איך גע־געבען דיין ברודער טויזענד זילבער־מטבעות, דאָס וועט דיר זיין אַ צודעק אויף די אויגען פֿאַר אַלע, וואָס מיט דיר, און פֿאַר אַלעמען, און דיין רעכט איז צוריקגעקעהרט.

17. און אברהם האָט געבעטען גאָט, און גאָט האָט אויס־געהיילט אבימלך'ן און זיין ווייב און זיינע דינסטען, און זיי האָ־בען געבאָרען;

18. דען גאָט האָט פֿערשלאָסען אַלע מוטערס אין אבימלך'ס הויז צוליעב שרה'ן, אברהם'ס ווייב.

## קאַפּיטעל 21.

1. און גאָט האָט אויפֿגערופֿט שרה'ן אַזוי ווי ער האָט גע־זאָגט, און ער האָט געטהון שרה'ן, אַזוי ווי ער האָט גערעדט.

2. און שרה איז שוואַנגער געוואָרען און האָט אברהם'ן געבאָרען אַ זוהן אויף זיין עלטער, צו דער צייט, וואָס גאָט האָט מיט איהם גערעדט.

3. און אברהם האָט אָנגערופֿען דעם נאָמען פֿון זיין זוהן, וואָס איז איהם געבאָרען געוואָרען, וואָס שרה האָט איהם גע־באָרען: יִצְחָק;

4. און אברהם האָט בּעשׁניטען זיין זוהן יִצְחָק, ווען ער איז
אַלט געוועזען אַכט טאָג, אַזוי ווי גאָט האָט איהם געבּאָטען.

5. און אברהם איז אַלט געוועזען הונדערט יאָהר, ווען זיין
זוהן יִצחק איז איהם געבּאָרען געוואָרען.

6. און שרה האָט געזאָגט: אַ געלעכטער האָט מיר גאָט
געמאַכט; ווער עס וועט הערען וועט לאַכען פון מיר.

7. און זי האָט געזאָגט: ווער וואָלט געקאָנט אברהם'ן זאָגען:
שרה וועט זייגען קינדער? דען איך האָב געבּאָרען אַ זוהן אין
זיין עלטער.

8. און דאָס קינד איז געוואַקסען און מען האָט עס ענט-
וועהנט. און אברהם האָט געמאַכט אַ גרויסען מאָהלצייט אין דעם
טאָג, ווען יִצחק איז ענטוועהנט געוואָרען.

9. און שרה האָט געזעהען דעם זוהן פון הגר דער מִצְרִית,
וואָס זי האָט אברהם'ן געבּאָרען, דאָס ער איז אַ שפּאָטער,

10. האָט זי געזאָגט צו אברהם'ן: טרייב אַרויס די דאָזיגע
דינסט און איהר זוהן, דען דער זוהן פון דער דאָזיגער דינסט
וועט ניט יַרְשֶׁה'נען מיט מיין זוהן, מיט יִצְחָק'ן.

11. האָט די זאַך זעהר פערדראָסען אברהם'ן, פון זיין
זוהן וועגען.

12. האָט גאָט געזאָגט צו אברהם'ן: זאָל דיך ניט פער-
דריסען פון וועגען דאָס יונגעל און פון וועגען דיין דינסט; אַלץ,
וואָס שרה וועט דיר זאָגען, פאָלג איהר שטימע, דען אין יִצחק'ן
זאָל דיר אָנגערופען ווערען דער זאָמען.

13. און אויך פון דעם זוהן פון דער דינסט וועל איך
מאַכען אַ פאָלק, דען ער איז דיין זאָמען.

14. און אברהם איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און האָט גע-
נומען ברויט און אַ לאָגעל וואַסער, און האָט דאָס געגעבען הגר'ן,
אַרויפגעלייגט דאָס אויף איהר אַקסעל, און אויך דאָס קינד, און
האָט זי אַרויסגעשיקט. איז זי געגאַנגען און האָט געבּלאָנדזשעט אין
דער וויסטע פון בְּאֵר שָׁבַע.

15. און דאָס וואַסער איז אויסגעגאַנגען פֿון דעם לאָגעל, האָט זי אַוועקגעוואָרפֿען דאָס קינד אונטער אַ בוים.

16. און זי איז געגאַנגען און האָט זיך געזעצט קעגען איבער, וויַיט ווי דער שאָס פֿון אַ בויגען, דען זי האָט געזאָגט: לאָ'מיך ניט זעהן, ווי דאָס קינד שטאַרבט. איז זי געזעסען קעגענאיבער, און האָט אויפֿגעהויבען איהר שטימע און האָט געוויינט.

17. האָט גאָט דערהערט די שטימע פֿון יונגעל. און אַ מַלְאַךְ פֿון גאָט האָט גערופֿען צו הָגָר'ן פֿון הימעל און האָט צו איהר געזאָגט: וואָס איז דיר, הגר? דו זאָלסט ניט מוֹרָא האָבען, דען גאָט האָט דערהערט די שטימע פֿון דעם יונגעל, וואו ער איז.

18. שטעה אויף, טראָג דאָס יונגעל און האַלט איהם מיט דיין האַנד, דען איך וועל פֿון איהם מאַכען אַ גרויס פֿאָלק.

19. און גאָט האָט אויפֿגעעפֿענט איהרע אויגען, און זי האָט דערזעהן אַ ברונען מיט וואַסער. איז זי געגאַנגען און האָט אָנגעפֿילט דעם לאָגעל מיט וואַסער און האָט אָנגעטרונקען דאָס יונגעל.

20. און גאָט איז געווען מיט'ן יונגעל, און ער איז אויפֿגעוואַקסען, און ער איז געזעסען אין דער וויסטע, און איז געוועזען אַ שיסער פֿון בויגען.

21. און ער איז געזעסען אין דער וויסטע פָּארָן, און זיין מוטער האָט פֿאַר איהם גענומען אַ וויַיב פֿון לאַנד מִצְרַיִם.

22. און עס איז געווען אין יענער צייט, האָט אבימלך און פִּיכֹל, דער הויפּטמאַן פֿון זיין מיליטער, אַזוי געזאָגט צו אברהם'ן: גאָט איז מיט דיר אין אַלץ וואָס דו טהוסט.

23. און איצט שווער מיר דאָ ביי גאָט, דאָס דו וועסט זיך ניט בעגעהן פֿאַלש ניט מיט מיר, ניט מיט מיין זוהן און ניט מיט מיין איינִיקעל; נאָר אַזוי ווי די גנאָד, וואָס איך האָב געטהון מיט דיר, וועסטו טהון מיט מיר און מיט דעם לאַנד, וואו דו וואָהנסט.

24. האָט אברהם געזאָגט: איך וועל שווערען.

25. און אברהם האָט אויסגערעדט אבימלך'ן וועגען דעם

ברונעֶן װאַסעֶר, װאָס אבימלך'ס קנעֶכט האָבעֶן אַװעֶקגעֶגזָלט.

26. האָט אבימלך געֶזאָגט: איך האָב נישט געֶװאוּסט, װעֶר עֶס האָט געֶטהון די דאָזיגעֶ זאַך, און דו האָסט עֶס מיר אויך נישט געֶזאָגט, און איך האָב עֶס אויך נישט געֶהעֶרט אויסעֶר היינט.

27. און אברהם האָט גענומעֶן שאָף און רינדעֶר און האָט געֶגעֶבעֶן אבימלך'ן, און זיי האָבעֶן ביידעֶ געֶשלאָסעֶן אַ בונד.

28. און אברהם האָט אַװעֶקגעֶשטעֶלט זיבעֶן לעֶמעֶלעֶך בעֶזונדעֶר.

29. האָט אבימלך געֶזאָגט צו אברהם'ן: װאָס בעֶדײַטעֶן זיי דאָזיגעֶ זיבעֶן לעֶמעֶלעֶך, װאָס דו האָסט געֶשטעֶלט בעֶזונדעֶר?

30. האָט עֶר געֶזאָגט: דאָס דו זאָלסט נעֶהמעֶן פֿון מיר זיבעֶן לעֶמעֶלעֶך, אים דאָס זאָל מיר זײַן אַ עֵדוּת, דאָס איך האָב געֶגראָבעֶן דעֶם דאָזיגעֶן ברונעֶן.

31. דעֶריבעֶר האָט מעֶן אָנגעֶרופֿעֶן יעֶנעֶם אָרט בְּאֵר־שֶׁבַע, דעֶן דאָרט האָבעֶן זיי ביידעֶ געֶשװאָרעֶן.

32. און זיי האָבעֶן געֶשלאָסעֶן אַ בונד אין בְּאֵר־שָׁבַע. און אֲבִימֶלֶךְ און פִּיכֹל, דעֶר הױפּטמאַן פֿון זײַן מיליטעֶר, זעֶנעֶן אויפֿגעֶשטאַנעֶן און האָבעֶן צוריקגעֶקעֶהרט אין לאַנד פֿון די פְּלִשְׁתִּים.

33. און אברהם האָט געֶפּלאַנצט אַ טאַמאַריס־בוים אין באֵר־שבע, און עֶר האָט דאָרט געֶרופֿעֶן אין נאָמעֶן פֿון גאָט דעֶם עֶביגעֶן גאָט.

34. און אברהם האָט געֶװאָהנט אין'ם לאַנד פֿון די פּלשתּים אַ לאַנגעֶ צײַט.

## קאַפּיטעל 22.

1. און עֶס איז געֶװעֶן נאָך די דאָזיגעֶ געֶשעֶהעֶנישעֶן, און גאָט האָט געֶפּרוּבט אברהם'ן און האָט געֶזאָגט צו אים: אברהם! האָט עֶר געֶזאָגט: דאָ בין איך.

2. האָט עֶר געֶזאָגט: נעֶהם דײַן זוהן דײַן איינציגעֶן, װאָס

די האָסט ליעב, יִצְחָק׳ן, און געה דיר אין לאַנד מוֹרִיָּה, און אָפּפֿער איהם דאָרט פֿאַר אַ עוֹלָה אויף איינעם פֿון די בערג, וואָס איך וועל דיר זאָגען.

3. איז אברהם אויפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿריה, און האָט אָנגע-גורט זיין אייזעל, און האָט גענומען זיינע צוויי יונגען מיט זיך און זיין זוהן יצחק, און ער האָט געשפּאָלטען האָלץ צו דער עוֹלָה, און ער איז אויפֿגעשטאַנען און איז געגאַנגען צו דעם אָרט, וואָס גאָט האָט איהם געזאָגט.

4. דעם דריטען טאָג האָט אברהם אויפֿגעהויבען זיינע אויגען און האָט דערזעהן דעם אָרט פֿון דער וויטען.

5. האָט אברהם געזאָגט צו זיינע יונגען: זיצט איהר דאָ מיט׳ן אייזעל, און איך און דאָס יונגעל וועלען מיר געהן ביז אַהינ-צו, און מיר וועלען זיך בוקען, און מיר וועלען צוריקקעהרען צו אייך.

6. און אברהם האָט גענומען דאָס האָלץ צו דער עוֹלָה און האָט עס אַרויפֿגעלעגט אויף זיין זוהן יצחק, און אין זיין האַנד האָט ער גענומען דאָס פֿייער און דעם מעסער, און זיי זענען ביידע געגאַנגען צוזאַמען.

7. האָט יצחק גערעדט צו זיין פֿאָטער אברהם און האָט גע-זאָגט: פֿאָטער! האָט ער געענטפֿערט: דאָ בין איך, מיין זוהן! האָט ער געזאָגט: אָט איז דאָס פֿייער און דאָס האָלץ, און וואו איז דאָס שאָף פֿאַר אַ עולה?

8. האָט אברהם געזאָגט: גאָט וועט שוין זעהן זיך שאַפֿען אַ שאָף פֿאַר אַ עולה, מיין זוהן! און זיי זענען ביידע געגאַנגען צוזאַמען.

9. און זיי זענען געקומען צו׳ם אָרט, וואָס גאָט האָט צו איהם געזאָגט, און אברהם האָט דאָרט געבויט דעם מִזְבֵּחַ, און האָט אויפֿגעלעגט דאָס האָלץ, און האָט געבונדען זיין זוהן יצחק, און האָט איהם אַרויפֿגעלעגט אויפ׳ן מזבח, אויף דאָס האָלץ.

10. און אברהם האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד און האָט גענומען דעם מעסער צו שעכטען זיין זוהן.

11. האָט צוּ איהם אַ מַלְאַךְ פוּן גאָט גערוּפען פוּן הימעל, און האָט געזאָגט: אברהם, אברהם! האָט ער געזאָגט: דאָ בין איך.

12. האָט ער געזאָגט: דוּ זאָלסט נישט אויסשטרעקען דיין האַנד צו'ם יונגעל און דוּ זאָלסט איהם גאָרנישט טהון, דען איצט ווייס איך, דאָס דוּ בּיזט אַ גאָטס־פורכטיגער, און דוּ האָסט נישט געשוינט צוליעב מיר דיין זוהן, דיין איינציגען.

13. האָט אַבְרָהם אויפגעהויבען זיינע אויגען און האָט געזעהן הינטער זיך אַ בּאַראַן הענגענדיג מיט זיינע הערנער צווישען די צווייגען. איז אברהם געגאַנגען און האָט גענומען דעם בּאַראַן און האָט איהם געאָפּפערט פאַר אַ עולה אַנשטאָט זיין זוהן.

14. און אברהם האָט אָנגערופען דעם נאָמען פון יענעם אָרט: גאָט וועט זעהן, דעריבער זאָגט מען נאָך היינט: און דעם בּאַרג, וואו גאָט בעוויזט זיך.

15. און אַ מלאַך פון גאָט האָט גערופען אברהם'ן צו'ם צווייטען מאָל פון הימעל,

16. און האָט געזאָגט: איך שווער מיט זיך, האָט גאָט געזאָגט, דאָס ווייל דוּ האָסט געטהון די דאָזיגע זאַך, און האָסט נישט געשוינט דיין זוהן, דיין איינציגען,

17. דעריבער וועל איך דיך בענשען, און איך וועל פיעל פערמעהרען דיינע קינדער, אַזוי ווי דער זאַמד, וואָס אויפ'ן ברעג ים, און דיינע קינדער וועלען בעזיצען דעם טויער פון זייערע פיינד;

18. און עס וועלען זיך בענשען מיט דיינע קינדער אַלע פעלקער פון דער ערד, דערפאַר, וואָס דוּ האָסט געפאָלגט מיין שטימע.

19. און אברהם האָט צוריקגעקעהרט צו זיינע יונגען, און זיי זענען אויפגעשטאַנען און געגאַנגען צוזאַמען קיין בְּאֵר־שֶׁבַע, און אברהם האָט געוואָהנט אין באֵר־שבע.

20. און עס איז געווען נאָך די דאָזיגע געשעהנישען, האָט מען אברהם'ן אַזוי אָנגעזאָגט: אָט האָט מִלְכָּה אויך געבּאָרען קינדער פון דיין ברודער נָחוֹר:

21. זיין עֶלטסטעֶן עוץ, און זיין ברודעֶר בוז און קְמוּאֵל'ן, דעֶם פֿאָטעֶר פֿון אֲרָם,

22. און כֶּשֶׂד'ן און חֲזוֹ'ן און פִּלְדָּשׁ'ן און יִדְלָף'ן און בְּתוּאֵל'ן.

23. און בְּתוּאֵל האָט געֶבאָרעֶן רִבְקָה'ן. די דאָזיגעֶ אַכט האָט מִלְכָּה געֶבאָרעֶן נָחוֹר'ן, אברהם'ס ברודעֶר.

24. און זיין קעֶבס־ווייב, וואָס איהר נאָמעֶן איז געֶוועֶן רְאוּמָה, האָט איהם אויך געֶבאָרעֶן: טֶבַח'ן און גַחַם'ן און תַּחַשׁ'ן און מַעֲכָה'ן

---

# פינפטע סֵדְרָה: חַיֵּי שָׂרָה.

## קאפיטעל 23.

1. און עֶס איז געֶוועֶן דאָס לעֶבעֶן פון שרה: הונדעֶרט יאָהר און צוואַנציג יאָהר און זיעבעֶן יאָהר, די יאָהרעֶן פֿון שרה'ס לעֶבעֶן.

2. און שרה איז געֶשטאָרבעֶן אין קִרְיַת־אַרְבַּע, דאָס איז חֶבְרוֹן, אין לאַנד כְּנַעַן; און אברהם איז געֶקומעֶן בעֶקלאָגעֶן שרה'ן און בעֶוויינעֶן זי.

3. און אברהם איז אויפגעֶשטאַנעֶן פון זיין מֵת און האָט אַזוי געֶרעֶדט צו די זיהן פון חֵת:

4. אי אַ פֿרעֶמדעֶר אי אַ איינוואָהנעֶר בין איך דאָ ביי אייך; גיעט מיר אַ אייגעֶנעֶם בעֶגרעֶבניש־אָרט צווישעֶן אייך, און איך וועֶל בעֶגראָבעֶן מיין מֵת, וואָס ליעגט פֿאַר מיר.

5. האָבעֶן די זיהן פֿון חֵת געֶענטפֿעֶרט אברהם'ן און האָבעֶן צו איהם אַזוי געֶזאָגט:

6. הערֶ אונז אויס, אונזעֶר הערֶר, דו ביזט אַ פֿירשט פֿון גאָט צווישעֶן אונז; אין די בעֶסטעֶ פֿון אונזעֶרעֶ קְבָרִים בעֶגראָב דיין מת, קיין מעֶנש פֿון אונז זאָל דיר נישט עֶנטזאַגעֶן זיין קֶבֶר צו בעֶגראָבעֶן און איהם דיין מת.

7. אוּן אברהם אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט פַאר דָאם פָאלְק פוּן לַאנְד, פַאר דִי זִיהן פוּן חֵת.

8. אוּן הָאט מִיט זֵייא אַזוֹי גֶערֶעדְט: אוֹיבּ אִיהר ווִילְט בֶּע-גרָאבֶּען מֵיין מֵת, ווָאם לִיעגְט פַאר מִיר, אַזוֹי פָאלְגְט מִיךְ אוּן בֶּעטְט פַאר מִיר בֵּייא עֶפְרוֹן דֶעם זוהן פוּן צוֹחַר,

9. דָאם עֶר זָאל מִיר גֶעבֶּען זַיין דָאפֶּעלְטֶע הויהל (מְעָרַת הַמַּכְפֵּלָה), ווָאם עֶר הָאט אִין עֶק פוּן זַיין פֶעלְד, פַאר גוּט גֶעלְד זָאל עֶר עֶם מִיר גֶעבֶּען צְווִישֶׁען אַייךְ פַאר אַנ'אַייגְנֶען בֶּעגרֶעבְּנִיש-אָרְט.

10. אוּן עֶפְרוֹן אִיז גֶעזֶעסֶען צְווִישֶׁען דִי זִיהן פוּן חֵת; הָאט עֶפְרוֹן דֶער חִת'עֶר גֶעעֶנְטפֶערְט אברהם'ן, ווָען עֶם הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִי זִיהן פוּן חֵת אוּן אַלֶע, ווָאם קוּמֶען אַרַיין אִין טוֹיעֶר פוּן זַיין שְׁטָאדְט, אוּן הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט:

11. נֵיין, מֵיין הֶערר, פָאלְג מִיךְ: דָאם פֶעלְד גִיעבּ אִיךְ דִיר אַוועֶק, אוּן דִי הויהל, ווָאם אִין פֶעלְד, גִיעבּ אִיךְ דִיר אַוועֶק. אִין דִי אוֹיגֶען פוּן דִי זִיהן פוּן מֵיין פָאלְק גִיעבּ אִיךְ עֶם דִיר, בֶּע-גרָאבּ דַיין מֵת.

12. הָאט זִיךְ אברהם גֶעבּוּקְט פַאר דָאם פָאלְק פוּן לַאנְד,

13. אוּן הָאט אַזוֹי גֶערֶעדְט צוּ עֶפְרוֹן, ווָען דָאם פָאלְק פוּן לַאנְד הָאט גֶעהֶערְט: נָאר ווָען דוּ ווָאלְסְט מִיךְ גֶעפָאלְגְט, גִיעבּ אִיךְ דִיר דָאם גֶעלְד פַאר דָאם פֶעלְד, נֶעהם עֶם פוּן מִיר, ווֶעל אִיךְ דָארְט בֶּעגרָאבֶּען מֵיין מֵת.

14. הָאט עֶפְרוֹן גֶעעֶנְטפֶערְט אברהם'ן אוּן הָאט צוּ אִיהם אַזוֹי גֶעזָאגְט:

15. מֵיין הֶערר, פָאלְג מִיךְ, אַ עֶרְד פוּן פִיער הוּנְדֶערְט זִילְבֶּער-שְׁקָלִים, ווָאם הָאט דָאם פַאר אַ ווֶערְט צְווִישֶׁען מִיר אוּן צְווִישֶׁען דִיר; אוּן דַיין מֵת בֶּעגרָאבּ.

16. הָאט אברהם גֶעפָאלְגְט עֶפְרוֹנ'עֶן, אוּן אברהם הָאט אָבּ-גֶעוואוֹיגֶען עֶפְרוֹנ'עֶן דָאם גֶעלְד, ווָאם עֶר הָאט גֶערֶעדְט ווָען עֶם הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִי זִיהן פוּן חֵת, פִיער הוּנְדֶערְט זִילְבֶּער-שְׁקָלִים, גַאנְגְבַּארֶע צְווִישֶׁען סוֹחֲרִים.

17. און דאָס פֿעלד פֿון עֶפֿרון, וואָס בײַ דער דאָפּעלטער הויהל, וואָס פֿאַר מַמְרֵא, דאָס פֿעלד און די הויהל, וואָס אין איהם, און אַלע בוימער, וואָס אין פֿעלד און דעם גאַנצען גרענעץ אַרום און אַרום,

18. איז געוואָרען אברהם׳ס געקויפֿטע אייגענטום, אין די אויגען פֿון די זיהן פֿון חֵת און פֿון אַלע, וואָס קומען אַרײַן אין דעם טויער פֿון זײַן שטאָדט.

19. און דערנאָך האָט אברהם בעגראָבען זײַן ווײַב שרה אין דער מְעָרַת הַמַּכְפֵּלָה, וואָס בײַ׳ם פֿעלד קעגען ממרא, דאָס איז חברון אין לאַנד כנען.

20. און דאָס פֿעלד און די הויהל, וואָס אין איהם, איז געוואָרען אברהם׳ס אייגענעס בעגרעבניש־אָרט, וואָס ער האָט בעקומען פֿון די זיהן פֿון חת.

## קאַפּיטעל 24.

1. און אברהם איז געוואָרען אַלט און בעיאָהרט, און גאָט האָט געבענשט אברהם׳ן מיט אַלץ.

2. האָט אברהם געזאָגט צו זײַן קנעכט, דעם עלטסטען אין זײַן הויז, וואָס האָט צו שאַפֿען איבער אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט: לעג אַרונטער דײַן האַנד אונטער מײַן זײַט;

3. און איך וועל דיך בעשווערען מיט גאָט, דעם גאָט פֿון הימעל און דעם גאָט פֿון דער ערד, דאָס דו זאָלסט נישט נעהמען קיין ווײַב פֿאַר מײַן זוהן פֿון די טעכטער פֿון די כְּנַעֲנִים, וואָס איך זיץ צווישען זיי;

4. נאָר אין מײַן לאַנד און אין מײַן געבורטס־אָרט זאָלסטו געהן, און זאָלסט (דאָרט) נעהמען אַ ווײַב פֿאַר מײַן זוהן, פֿאַר יצחק׳ן.

5. האָט דער קנעכט צו איהם געזאָגט: אפֿשר וועט דאָס ווײַב נישט וועלען געהן מיט מיר אין דאָס דאָזיגע לאַנד; צו זאָל איך דאַן צוריקפֿיהרען דײַן זוהן אין דאָס לאַנד, וואָס דו ביזט פֿון דאָרט אַרויסגעגאַנגען?

6. האָט אברהם צו איהם געזאָגט: היט זיך, דאָס דו זאָלסט מיין זוהן אַהין נישט צוריקפיהרען.

7. גאָט, דער גאָט פון הימעל, וואָס האָט מיך אַרויסגענומען פון מיין פאָטער'ס הויז און פון מיין געבורטס־לאַנד, און וואָס האָט מיט מיר גערעדט און האָט מיר געשוואָרען און געזאָגט: דיינע קינדער וועל איך געבען דאָס דאָזיגע לאַנד, — ער וועט שיקען זיין מַלְאָךְ פאַר דיר, און דו וועסט נעהמען אַ ווייב פאַר מיין זוהן פון דאָרטען.

8. און אויב דאָס ווייב וועט נישט וועלען געהן מיט דיר, ביזטו ריין פון דער דאָזיגער שְׁבוּעָה מיינער, נאָר מיין זוהן זאָלסטו אַהין נישט צוריקפיהרען.

9. האָט דער קנעכט אַרונטערגעלעגט זיין האַנד אונטער דער זייט פון זיין העררן אברהם, און האָט איהם געשוואָרען וועגען דער דאָזיגער זאַך.

10. און דער קנעכט האָט גענומען צעהן קעמלען פון זיין העררנ'ס קעמלען, און ער איז געגאַנגען, און דאָס גאַנצע פערמעגען פון זיין העררן איז געווען אין זיין האַנד. און ער איז אויפגע־שטאַנען און איז געגאַנגען קיין אֲרַם נַהֲרַיִם, אין די שטאָדט פון נָחוֹר.

11. און ער האָט געלאָזט קניהען די קעמלען הינטער דער שטאָדט, ביי אַ ברונען וואַסער, פאַרנאַכטס־צייט, ווען די שעפּערינס קומען אַרויס,

12. און ער האָט געזאָגט: גאָט, דער גאָט פון מיין העררן אברהם! מאַך מיך בעגליקען היינטיגען טאָג און טהו אַ גנאָד מיט מיין העררן אברהם;

13. אָט שטעה איך ביי'ם קוואַל וואַסער, און די טעכטער פון די שטאָדט־לייט קומען אַרויס שעפּען וואַסער.

14. און עס וועט זיין, אַז דאָס מיידעל, וואָס איך וועל צו איהר זאָגען: בויג אָן דיין קרוג, וועל איך טרינקען, וועט זי זאָגען: טרינק און אויך דיינע קעמלען וועל איך אָנטרינקען, — איז זי דאָס, וואָס דו האָסט בעשערט פאַר דיין קנעכט פאַר יצחק'ן,

אין דורך איהר וועל איך וויסען, דאָס דו האָסט געטהאָן אַ גנאָד מיט מיין העררן.

15. און עס איז געוועזען נאָך איידער ער האָט געענדיגט רעדען, און עס קומט אַרויס רבקה, וואָס איז געבאָרען געוואָרען ביי בתואל, דעם זוהן פון מלכה, דאָס ווייב פון נחור, אברהם'ס ברודער, און איהר קרוג אויף איהר אַקסעל.

16. און דאָס מעדעל איז געוועזען זעהר שיין פון געשטאַלט, אַ יונגפרוי, וואָס קיין מאַן האָט זי נאָך ניט געקענט; און זי איז אַראָבגעגאַנגען צו'ם קוואַל און האָט אָנגעפילט איהר קרוג און איז אַרויפגעגאַנגען.

17. איז דער קנעכט געלאָפען איהר אַקעגען און האָט געזאָגט: לאָז מיך אַ טרונק טהון אַ ביסעל וואַסער פון דיין קרוג.

18. האָט זי געזאָגט: טרינק, מיין העהר. און זי האָט געאיילט און האָט אַראָבגעלאָזט איהר קרוג אויף איהר האַנד, און האָט איהם אָנגעטרונקען.

19. און ווי זי האָט געענדיגט איהם אָנטרינקען, האָט זי געזאָגט: אויך פאַר דיינע קעמעלען וועל איך אָנשעפען, ביז זיי וועלען ענדיגען טרינקען.

20. און זי האָט געאיילט און האָט אויסגעלעערט איהר קרוג אין דער טרונק-קאַריטע, און איז ווידער געלאָפען צו'ם ברונען אָנצושעפען, און האָט אָנגעשעפט פאַר זיינע אַלע קעמעלען.

21. און דער מאַן קוקט אויף איהר ערשטוינט, שווייגט און קלערט נאָך, צי האָט גאָט בעגליקט זיין וועג אָדער ניין?

22. און עס איז געוועזען, ווען די קעמעלען האָבען געענדיגט טרינקען, האָט דער מאַן גענומען אַ גאָלדענעם נאָז-באַנד, וואָס זיין וואָג איז געוועזען אַ האַלבער שקל, און צוויי אָרעם-בענדער אויף איהרע הענד, וואָס זייער וואָג איז געוועזען צעהן גאָלד-רענדלעך,

23. און האָט געזאָגט: וועמענס טאָכטער ביזטו? זאָג מיר, צי איז פאַרהאַן אין דיין פאָטער'ס הויז פאַר אונז אַ אָרט צו נעכטיגען?

24. האָט זי געזאָגט צו איהם: איך בין די טאָכטער פֿון בְּתוּאֵל, דעם זוהן פֿון מִלְכָּה, וואָס זי האָט געבאָרען נחור'ן.

25. און זי האָט געזאָגט צו איהם: אויך שטרוי און פֿוטער האָבען מיר גענוג, און אויך אַ אָרט צו נעכטיגען.

26. האָט דער מאַן געקניעט און זיך געבוקט צו גאָט,

27. און האָט געזאָגט: געבענשט איז גאָט, דער גאָט פֿון מײַן הערן אברהם, וואָס האָט נישט פֿערלאָזען זײַן גנאָד און זײַן טרײַהײַט פֿון מײַן הערן. איך בין אויף דעם וועג, האָט גאָט האָט מיך געפֿיהרט צו'ם הויז פֿון מײַן הערנס ברודער.

28. און דאָס מעדעל איז געלאָפֿען און האָט אָנגעזאָגט אין איהר מוטערס הויז די דאָזיגע ווערטער.

29. און רִבְקָה האָט געהאַט אַ ברודער, און זײַן נאָמען איז געוועזען לָבָן: איז לבן געלאָפֿען צו דעם מאַן אויף דרויסען צו'ם קוואַל.

30. און ווי ער האָט דערזעהן דעם נאָז-באַנד און די אָרעם-בענדער אויף זײַן שוועסטערס הענד, און ווי ער האָט געהערט די ווערטער פֿון זײַן שוועסטער רבקה, וואָס האָט געזאָגט: אַזוי און אַזוי האָט צו מיר דער מאַן גערעדט, — איז ער געקומען צו דעם מאַן, און ער איז נאָך געשטאַנען נעבען די קעמלען בײַ'ם קוואַל,

31. און האָט געזאָגט: קום, געבענשטער פֿון גאָט! פֿאַר וואָס שטעהסטו אין דרויסען, איך האָב דאָך שוין אויפֿגערוימט דאָס הויז און געמאַכט אַ אָרט פֿאַר די קעמלען.

32. איז דער מאַן געקומען אין הויז, און האָט אויפֿגעצוימט די קעמלען, און האָט געגעבען שטרוי און פֿוטער פֿאַר די קעמלען, און וואַסער, צו וואַשען זײַנע פֿיס, און די פֿיס פֿון די מענשען, וואָס מיט איהם.

33. און מען האָט געלעגט פֿאַר איהם צו'ם עסען, האָט ער געזאָגט: איך וועל נישט עסען, ביז איך וועל רעדען מײַנע ווערטער. האָט ער געזאָגט: רעד.

34. האָט ער געזאָגט: איך בין אברהם'ס קנעכט.

35. און גאָט האָט מײַן הערן זעהר געבענשט, און ער איז

גרויס געוואָרען, און ער האָט איהם געגעבען שאָף און רינדער און זילבער און גאָלד און קנעכט און דינסטען און קעמלען און איזלען.

36. און שרה, מיין הערנס ווייב, האָט מיין הערן געבאָרען אַ זוהן אויף איהר עלטער, האָט ער איהם אַוועקגעגעבען אַלין, וואָס ער האָט.

37. און מיין הערר האָט מיך אַזוי בעשוואָרען: זאָלסט נישט נעהמען קיין ווייב פאַר מיין זוהן פון די כּנענים, וואָס איך זיץ אין זייער לאַנד;

38. נאָר סיידען דו זאָלסט געהן אין מיין הויז פון מיין פאָטער און צו מיין פאַמיליע, און דו זאָלסט נעהמען אַ ווייב פאַר מיין זוהן.

39. האָב איך געזאָגט צו מיין הערן: אפשר וועט דאָס ווייב נישט געהן מיט מיר?

40. האָט ער צו מיר געזאָגט: דער גאָט, וואָס איך בין פאַר איהם געגאַנגען, וועט שיקען זיין מלאך מיט דיר, און ער וועט בעגליקען דיין וועג, און דו וועסט נעהמען אַ ווייב פאַר מיין זוהן פון מיין פאַמיליע און פון מיין פאָטערס הויז.

41. דעמאָלט וועסטו ריין ווערען פון מיין שבועה, ווען דו וועסט קומען צו מיין פאַמיליע, און אויב זיי וועלען דיר נישט געבען, וועסטו ריין זיין פון מיין שבועה.

42. בין איך היינט געקומען צום קוואַל און האָב געזאָגט: גאָט, דער גאָט פון מיין הערן אברהם! אויב דו ווילסט בעגליקען מיין וועג, וואָס איך גייע אויף איהם,

43. איז אָט שטעה איך ביים קוואַל וואַסער, און אויב די יונגפרוי, וואָס וועט אַרויסגעהן שעפּען וואַסער, און איך וועל איהר זאָגען: טרינק מיך אָן אַביסעל וואַסער פון דיין קרוג,

44. וועט זי זאָגען: טרינק אויך דו, און אויך פאַר דיינע קעמלען וועל איך אָנשעפּען, — איז זי דאָס ווייב, וואָס גאָט האָט בעשערט פאַר מיין הערנ'ס זוהן.

45. אײדער איך עֶנדיג נָאך רעדען צו מײן הארצען, אין עֶס קומט אַרויס רִבְקָה, אין איהר קריג אויף איהר אַקסעל, אין זי איז אַראָבגעגאַנגען צו'ם קוואַל אין האָט אָנגעשעפּט. האָב איך צו איהר געזאָגט: טרינק מיך אָן.

46. האָט זי געאײלט אין האָט אַראָבגעלאָזט דעם קריג פֿון זיך אין האָט געזאָגט: טרינק אין איך דײנע קעמלען װעל איך אָנטרינקען. האָט איך געטרונקען, אין אויך די קעמלען האָט זי אָנגעטרונקען.

47. האָב איך זי געפרעגט אין האָב געזאָגט: װעמענס טאָכטער ביזטו? האָט זי געזאָגט: די טאָכטער פֿון בְּתוּאֵל, דעם זוהן פֿון נָחוֹר, װאָס מִלְכָּה האָט איהם געבאָרען. האָב איך אַרױפֿגעזעצט דער נאָז־באַנד אויף איהר נאָז אין די אָרעם־בענדער אויף איהרע הענד.

48. אין איך האָב געקניעט אין זיך געבוקט צו גאָט אין געבענשט גאָט, דעם גאָט פֿון מײן הערן אברהם, װאָס האָט מיך געפֿיהרט אין דעם ריכטיגען װעג, צו נעהמען די טאָכטער פֿון מײן הערנ'ס ברודער פאַר זײן זוהן

49. אין איצט, אויב איהר װילט טהון גנאָד אין טרײהײט מיט מײן הערן, זאָגט מיר, אין אויב נישט, זאָגט מיר, װעל איך מיר װענדען אויף רעכטס אָדער אויף לינקס.

50. האָבען לבן אין בתואל געענטפערט אין געזאָגט: פֿון גאָט איז די זאַך אַרויסגעקומען, מיר קאָנען דיר נישט רעדען שלעכטס אָדער גוטס.

51. אָט איז רבקה פאַר דיר, נעהם אין געה, אין זאָל זי זײן אַ װײב פֿאַר דײן הערנ'ס זוהן, אַזוי װי גאָט האָט גערעדט.

52. אין װי אברהם'ס קנעכט האָט געהערט זײערע רײד, האָט ער זיך געבוקט ביז צו דער ערד צו גאָט.

53. אין דער קנעכט האָט אַרויסגענומען גאָלדענע זאַכען אין זילבערנע זאַכען אין קלײדער אין האָט געגעבען רבקה'ן, אין טײערע זאַכען האָט ער געגעבען איהר ברודער אין איהר מוטער.

54. און זיי האָבען געגעסען און געטרונקען , ער און די מענשען , וואָס מיט איהם , און זיי האָבען גענעכטיגט , און זענען אויפגעשטאַנען אין דער פריה , און ער האָט געזאָגט : שיקט מיך אָב צו מיין העררן .

55. האָט איהר ברודער און איהר מוטער געזאָגט : זאָל דאָס מעדעל נאָך זיצען מיט אונז אַ יאָהר אָדער צעהן מאָנאַטען , דערנאָך וועסטו געהן .

56. האָט ער געזאָגט צו זיי : האַלט מיך נישט אָב , ווי באַלד גאָט האָט בעגליקט מיין וועג ; שיקט מיך אָב , וועל איך געהן צו מיין העררן .

57. האָבען זיי געזאָגט : לאָ'מיר רופען דאָס מעדעל און זי פרעגען .

58. האָבען זיי גערופען רבקה'ן און האָבען געזאָגט צו איהר : צי וועסטו געהן מיט דעם דאָזיגען מאַן . האָט זי געזאָגט : איך וועל געהן .

59. האָבען זיי אַרויסגעשיקט זייער שוועסטער רבקה און איהר אַם , און אברהם'ס קנעכט און זיינע מענשען ,

60. און האָבען געבענשט רבקה'ן און האָבען געזאָגט צו איהר : אונזער שוועסטער ביזט; עס זאָל פון דיר ווערען צעהנדליגער טויזענד , און דיינע קינדער זאָלען בעזיצען דעם טויער פון זייערע פיינד .

61. און רבקה איז אויפגעשטאַנען מיט איהרע מעדלעך און זיי האָבען געריטען אויף קעמלען און זענען מיטגעגאַנגען מיט דעם מאַן . און דער קנעכט האָט גענומען רבקה'ן און איז אַוועקגעגאַנגען .

62. און יצחק איז אָנגעקומען פון בְּאֵר לַחַי רוֹאִי , דען ער האָט געוואָהנט אין דָרוֹם־לאַנד .

63. איז יצחק אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירען אין פעלד פאַר־נאַכט־צייט ; האָט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען און האָט געזעהן , ווי קעמלען קומען אָן .

64. און רבקה האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען און האָט דערזעהן יצחק'ן , האָט זי זיך אַראָבגעלאָזט פון דעם קעמעל ,

65. און האָט געזאָגט צום קנעכט: ווער איז דער דאָזיגער מאַן, וואָס גייט אונז אַקעגען אין פעלד? האָט דער קנעכט געזאָגט: דאָס איז מיין הער. האָט זי גענומען דעם שלייער און זיך פערדעקט.

66. און דער קנעכט האָט דערציילט יצחק'ן די אַלע זאַכען, וואָס ער האָט געטהון.

67. האָט יצחק זי געבראַכט אין געצעלט פון זיין מוטער שרה, און ער האָט גענומען רבקה'ן, און זי איז געוואָרען זיין ווייב, און ער האָט זי ליעב געהאַט, און יצחק האָט זיך געטרייסט נאָך זיין מוטער.

## קאפיטעל 25.

1. און אברהם האָט ווידער גענומען אַ ווייב, און איהר נאָמען איז געווען קְטוּרָה.

2. און זי האָט איהם געבאָרען די זיהן: זִמְרָן און יָקְשָׁן און מְדָן און מִדְיָן און יִשְׁבָּק און שׁוּחַ.

3. און יָקְשָׁן האָט געבאָרען די זיהן: שְׁבָא און דְּדָן. און די זיהן פון דְּדָן זענען געוועזען די אַשּׁוּרִים און די לְטוּשִׁים און די לְאֻמִּים.

4. און די זיהן פון מִדְיָן: עֵיפָה און עֵפֶר און חֲנוֹךְ און אֲבִידָע און אֶלְדָּעָה. די אַלע זענען די זיהן פון קְטוּרָה.

5. און אברהם האָט אָבגעגעבען אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, יצחק'ן.

6. און די זיהן פון די קעבס-ווייבער, וואָס אברהם האָט געהאַט, האָט אברהם געגעבען מתנות, און ער האָט זיי אַוועקגעשיקט פון זיין זוהן יצחק, נאָך בייַ זיין לעבען, אויף מזרח-זייט, אין מזרח-לאַנד.

7. און דאָס איז די צייט פון אברהם'ס לעבען, וואָס ער האָט געלעבט: הונדערט יאָהר און זיבעציג יאָהר און פינף יאָהר.

8. און אברהם איז אויסגעגאַנגען און איז געשטאָרבען אין אַ גוטער עלטער, אַלט און זאַט מיט יאָהרען, און ער איז צוגעזאַמעלט געוואָרען צו זיין פֿאָלק.

9. און זיינע זוהן יצחק און ישמעאל האָבען איהם בע־גראָבען אין דער מְעָרַת הַמַּכְפֵּלָה, ביי׳ם פֿעלד פון עֶפְרוֹן, דעם זוהן פֿון צוֹחַר דעם חת׳ער, וואָס פאַר מַמְרֵא;

10. דאָס פעלד, וואָס אברהם האָט געקויפֿט פֿון די זוהן פֿון חֵת; דאָרט זענען בעגראָבען געוואָרען אברהם און זיין וויב שרה.

11. און עס איז געווען נאָך אברהם׳ס טויט, גאָט האָט געבענשט זיין זוהן יצחק, און יצחק האָט זיך בעזעצט ביי בְּאֵר לַחַי רוֹאִי.

12. און דאָס איז דאָס געשלעכט פֿון ישמעאל, אברהם׳ס זוהן, וואָס הָגָר די מִצְרִית, שרה׳ס דיענסט, האָט געבאָרען פֿון אברהם׳ן.

13. און דאָס זענען די נעמען פֿון ישמעאל׳ס זוהן מיט די נעמען פֿון זייערע געשלעכטער: ישמעאל׳ס בְּכוֹר איז געווען נְבָיוֹת, און קֵדָר און אַדְבְּאֵל און מִבְשָׂם.

14. און מִשְׁמָע און דוּמָה און מַשָּׂא.

15. חֲדַד און תֵּימָא, יְטוּר, נָפִישׁ און קֵדְמָה.

16. דאָס זענען ישמעאל׳ס זוהן, און דאָס זענען זייערע נעמען און זייערע הויפֿען און אין זייערע וואָהנ־ערטער, צוועלף פֿירשטען איבער זייערע פֿעלקער.

17. און דאָס זענען די יאָהרען פֿון ישמעאל׳ס לעבען: הונדערט יאָהר און דרייסיג יאָהר און זיעבען יאָהר, און ער איז אויסגעגאַנגען און איז געשטאָרבען און צוגעזאַמעלט געוואָרען צו זיין פֿאָלק.

18. און זיי האָבען געוואוינט פֿון חֲוִילָה ביז שׁוּר, וואָס פֿאַר מִצְרַיִם, אין ביז מען קומט קיין אַשּׁוּר. זיי האָבען זיך בעזעצט פֿאַר דעם אַנגעזיכט פֿון זייערע אַלע ברידער.

## זעקסטע סֵדְרָה: תּוֹלְדוֹת.

19. און דאָס איז דאָס געשלעכט פון יצחק, אברהמ'ס זוהן: אברהם האָט געמאַכט געבאָרען יצחק'ן.

20. און יצחק איז אַלט געוועזען פערציג יאָהר, ווען ער האָט גענומען פאַר אַ ווייב רבקה'ן, די טאָכטער פון בְּתוּאֵל דעם אֲרַמִּי פון פַּדַּן אֲרָם, די שוועסטער פון לָבָן דעם אֲרַמִּי.

21. האָט יצחק געבעטען גאָט פון וועגען זיין ווייב, ווייל זי איז געוועזען אַ עֲקָרָה, האָט איהם גאָט דערהערט, און זיין ווייב רבקה איז שוואַנגער געוואָרען.

22. און עס האָבען זיך געשטויסען די קינדער אין איהר לייב, האָט זי געזאָגט: אויב אַזוי, טאָ צו וואָס דאַרף איך דאָס? און זי איז געגאַנגען זיך נאָכפרעגען בייא גאָט.

23. האָט גאָט צו איהר געזאָגט: צוויי שטאַמען זענען אין דיין בויך און צוויי פעלקער וועלען זיך פאַנאַנדערשיידען פון דיינע אינגעווייד, און איין פאָלק וועט זיין שטאַרקער פון אַנדערען, און דער עלטערער וועט דינען דעם יונגער'ן.

24. און עס איז אָנגעקומען איהר צייט צו געבוירען, און אָט איז אַ צווילינג אין איהר בויך.

25. איז אַרויסגעגאַנגען דער ערשטער אַ רויטער, אינגאַנצען ווי אַ האָריגע קלייד, האָט מען אָנגערופען זיין נאָמען: עֵשָׂו.

26. און דערנאָך איז אַרויס זיין ברודער, און זיין האַנד האָט געהאַלטען עֵשָׂו'ס פערזע, האָט מען אָנגערופען זיין נאָמען יַעֲקֹב. און יצחק איז אַלט געווען זעכציג יאָהר, ווען זיי זענען געבאָרען געוואָרען.

27. און ווען די יונגלעך זענען אויפגעוואַקסען, איז עשו געוואָרען אַ יעגער, אַ פעלד-מענש, און יעקב — אַ פרומער מאַן, וואָס זיצט אין געצעלטען.

28. האָט יצחק ליעב געהאַט עשו'ן, ווייל ער האָט איהם

געבראַכט צו עסען פֿון זיין יאַגד, און רבקה האָט ליעב געהאַט יעקב'ן.

29. און יעקב האָט געקאָכט אַ געקעכץ; און עשו איז געקומען פֿון פֿעלד, און ער איז געוועזען מיעד.

30. האָט עשו געזאָגט צו יעקב'ן: לאָז מיך עסען פֿון דעם דאָזיגען רויטען געקעכץ, דען איך בין מיעד; דעריבער האָט מען אָנגערופֿען זיין נאָמען אֱדום.

31. האָט יעקב געזאָגט: פֿערקויף מיר היינט דיין בְּכוֹרָה.

32. האָט עשו געזאָגט: אָט האַלט איך ביי'ם שטאַרבען, טאָ צו וואָס טויג מיר די בְּכוֹרָה?

33. האָט יעקב געזאָגט: שווער מיר דאָס איצט צו. האָט ער איהם צוגעשוואָרען און האָט פֿערקויפֿט זיין בכורה יעקב'ן.

34. און יעקב האָט געגעבען עשו'ן ברויט און אַ געקעכץ פֿון לינזען, און ער האָט געגעסען און געטרונקען און איז אויפֿגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען. אַזוי האָט עשו פֿעראַכטעט די בכורה.

## קאַפּיטעל 26.

1. און עס איז געוואָרען אַ הונגער אין לאַנד, אויסער דעם ערשטען הונגער, וואָס איז געוועזען אין אברהם'ס צייטען. און יצחק איז געגאַנגען צו אבימלך'ן, דעם קעניג פֿון די פְּלִשְׁתִּים, קיין גְּרָר.

2. און גאָט האָט זיך באַוויזען צו איהם און געזאָגט: זאָלסט נישט אַראָבגעהן קיין מִצְרַיִם; זיין אין דעם לאַנד, וואָס איך וועל דיר זאָגען.

3. וואָהן אין דעם דאָזיגען לאַנד, און איך וועל זיין מיט דיר און וועל דיך בענשען, דען דיר און דיינע קינדער האָב איך אָבגעגעבען די דאָזיגע אַלע לענדער, און איך וועל בעשטעטיגען די שְׁבוּעָה, וואָס איך האָב געשוואָרען צו דיין פֿאָטער אברהם.

4. און איך וועל פֿערמעהרען דיינע קינדער אַזוי ווי די שטערען פֿון הימעל, און איך וועל געבען דיינע קינדער די דאָזיגע

אַלֶע לֶענדער, און עֶס זָעלֶען זיך בֶּענשֶׁען מִיט דיינע קִינדער אַלֶע פֶעלְקֶער פון דער עֶרד;

5. דערפאַר, וואָס אברהם האָט געפָאלְגט מיין שטימע און האָט אָבגעהִיט מיין בעשטימונג, מיינע געבאָטען, מיינע געזעצען און מיין לעהרע.

6. און יִצחק האָט זיך בעזעצט אין גְרָר.

7. און ווען די מענשען פון דעם אָרט האָבען זיך נאָכגעפרעגט וועגען זיין ווייב, האָט ער געזאָגט: זי איז מיין שוועסטער, דען ער האָט מורא געהאַט צו זאָגען: מיין ווייב, טאָמער וועלען מיך טויטען די מענשען פון אָרט צוליעב רבקה'ן, דען זי איז אַ שיינע פון געשטאַלט.

8. און עס איז געוועזען, ווען ער איז שוין דאָרט געזעסען אַ לאַנגע צייט, האָט אבימלך, דער קעניג פון די פְּלִשְׁתִּים, אַ קוק געטהון דורכ'ן פענסטער, און האָט געזעהן, ווי יצחק שפּיעלט זיך מיט זיין ווייב רבקה.

9. האָט אבימלך גערופען יצחק'ן און האָט געזאָגט: זי איז דאָך גאָר דיין ווייב, פאַר וואָס האָסטו דען געזאָגט: זי איז מיין שוועסטער? האָט יצחק צו איהם געזאָגט: ווייל איך האָב זיך געטראַכט: טאָמער וועל איך געטויטעט ווערען צוליעב איהר.

10. האָט אבימלך געזאָגט: צו וואָס האָסטו דאָס אונז גע-טהון? שיער וואָלט זיך איינער פון פאָלק געלעגט מיט דיין ווייב, און דו וואָלסט אויף אונז געבראַכט אַ זינד.

11. און אבימלך האָט אַזוי אָנגעזאָגט דאָס גאַנצע פאָלק: ווער עס וועט אָנריהרען דעם דאָזיגען מאַן און זיין ווייב, זאָל גע-טויטעט ווערען.

12. און יצחק האָט געזייעט אין יענעם לאַנד און האָט אין יענעם יאָהר געפונען הונדערט מאָל אַזוי פיעל, דען גאָט האָט איהם געבענשט.

13. און דער מאַן איז גרויס געוואָרען און איז געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער, ביז ער איז געוואָרען זעהר גרויס.

14. און ער האָט געהאַט בּהאַדעס שאָף און רינדער און פיעל גוטס. האָבּען די פלשתים איהם מקנא געווען.

15. און אַלע בּרונעס, וואָס די קנעכט פון זיין פאָטער האָבּען געגראָבּען אין די צייטען פון זיין פאָטער אברהם, האָבּען די פלשתים פערשטאָפּט און פערשיט מיט ערד.

16. האָט אבימלך געזאָגט צו יצחק'ן: געה אַוועק פון אונז, דען דו בּיזט פיעל מעכטיגער געוואָרען פון אונז.

17. איז יצחק פון דאָרט אַוועקגעגאַנגען און האָט גערוהט אין טאָל פון גרר און האָט זיך דאָרט בּעזעצט.

18. און יצחק האָט ווידער אויפגעגראָבּען די בּרונעס וואַסער, וואָס מען האָט געגראָבּען אין די צייטען פון זיין פאָטער אברהם און די פלשתים האָבּען זיי פערשטאָפּט נאָך אברהם'ס טויט, און ער האָט זיי אָנגערופען נעמען אַזוי ווי די נאָמען, וואָס זיין פאָטער האָט זיי אָנגערופען.

19. און יצחק'ס קנעכט האָבּען געגראָבּען אין טהאָל און האָבּען דאָרט געפונען אַ בּרונען פון לעבּעדיגעס וואַסער.

20. האָבּען די פאַסטוכער פון גרר זיך געקריגט מיט יצחק'ס פאַסטוכער און האָבּען געזאָגט: אונז געהער דאָס וואַסער. האָט ער אָנגערופען דעם נאָמען פון בּרונען עֵשֶׂק, דען זיי האָבּען זיך געקריגט מיט איהם.

21. האָבּען זיי געגראָבּען אַן אַנדער בּרונען, האָבּען זיי זיך צוליעב איהם אויך געקריגט. האָט ער אָנגערופען זיין נאָמען שִׂטְנָה.

22. האָט ער זיך אָבּגערוקט פון דאָרטען און האָט גע־גראָבּען אַן אַנדער בּרונען, האָבּען זיי זיך שוין נישט געקריגט צוליעב איהם. האָט ער אָנגערופען זיין נאָמען רְחוֹבוֹת און האָט געזאָגט: ווייל איצט האָט אונז גאָט פערבּרייטערט און מיר וועלען זיך פרוכט־בּערן אין לאַנד.

23. און ער איז פון דאָרטען אַרויפגעגאַנגען קיין בְּאֵר־שֶׁבַע.

24. האָט זיך גאָט צו איהם בּעוויזען אין יענער נאַכט און האָט געזאָגט: איך בּין דער גאָט פון דיין פאָטער אברהם. דו

זאָלסט נישט מורא האָבען, דען איך בין מיט דיר, און איך וועל דיך בענשען און וועל פערמעהרען דיינע קינדער צוליעב מיין קנעכט אברהם.

25. האָט ער דאָרט געבויט אַ מִזְבֵּחַ און האָט גערופען אין נאָמען פון גאָט. און ער האָט דאָרט פערשפרייט זיין געצעהלט, און יצחק'ס קנעכט האָבען דאָרט געגראָבען אַ ברונען.

26. און אבימלך איז צו איהם געגאַנגען פון גרר און מיט איהם זיין פריינד אֲחֻזַּת און פִּיכֹל זיין מיליטער-הויפטמאַן.

27. האָט יצחק געזאָגט צו זיי: פאַרוואָס זענט איהר געקומען צו מיר, און איהר האָט דאָך מיך פיינד, און איהר האָט מיך פערטריבען פון אייך.

28. האָבען זיי געזאָגט: מיר האָבען איינגעזעהן, אַז גאָט איז מיט דיר, דעריבער האָבען מיר געזאָגט: זאָל זיין אַ שְׁבוּעָה צווישען אונז, צווישען אונז און צווישען דיר, און מיר ווילען שליעסען אַ בונד מיט דיר,

29. די זאָלסט אונז נישט טהון קיין שלעכטס, אַזוי ווי מיר האָבען דיך נישט אָנגערוהרט, און אַזוי ווי מיר האָבען געטהון מיט דיר נאָר גוטס און מיר האָבען דיך אַוועקגעשיקט אין פריעדען. דו ביזט איצט געבענשט פון גאָט.

30. האָט ער זיי געמאַכט אַ מאָלצייט, און זיי האָבען געגעסען און געטרונקען.

31. און זיי זענען אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און האָבען געשוואָרען איינער דעם צווייטען, און יצחק האָט זיי אָבגעשיקט, און זיי זענען פון איהם אַוועקגעגאַנגען אין פריעדען.

32. און עס איז געווען אין יענעם טאָג, זענען געקומען יצחק'ס קנעכט און האָבען איהם געזאָגט וועגען דעם ברונען, וואָס זיי האָבען געגראָבען, און זיי האָבען געזאָגט צו איהם: מיר האָבען געפונען וואַסער.

33. האָט ער איהם אָנגערופען: שִׁבְעָה, דעריבער איז דער נאָמען פון דער שטאָדט בְּאֵר שֶׁבַע, ביז היינטיגען טאָג.

34. און עשו איז אַלט געוואָרען פערציג יאָהר און האָט גענומען ווייבער: יהודית, די טאָכטער פון בארי דעם חתי׳ער און בשמת, די טאָכטער פון אילון דעם חת׳ער.

35. זענען זיי געווען דערדריקער דעם גייסט פון יצחק און פון רבקה.

## קאפיטעל 27.

1. און עס איז געווען, ווען יצחק איז אַלט געוואָרען, און זיינע אויגען זענען דונקעל געוואָרען צו זעהן, האָט ער גערופען עשו׳ן, זיין עלטערן זוהן, און האָט געזאָגט צו איהם: מיין זוהן! האָט ער געזאָגט: דאָ בין איך!

2. האָט ער געזאָגט: אָט בין איך שוין אַלט געוואָרען, און איך ווייס נישט, און וועלכען טאָג איך וועל שטאַרבען.

3. און איצט נעהם דיינע כלים, דיין שווערד און דיין בויגען און געה אַרויס אין פעלד און פאַנג מיר אַ געפאַנג,

4. און מאַך מיר אַ געקעכץ, אַזוי ווי איך האָב ליעב, און ברענג עס מיר, וועל איך עסען, כדי מיין זעעלע זאָל דיך בענשען, איידער איך וועל שטאַרבען.

5. און רבקה האָט געהערט, ווי יצחק האָט גערעדט צו זיין זוהן עשו. און עשו איז געגאַנגען אין פעלד צו פאַנגען אַ געפאַנג און ברענגען.

6. האָט רבקה אַזוי געזאָגט צו איהר זוהן יעקב: אָט האָב איך געהערט, ווי דיין פאָטער האָט אַזוי גערעדט צו דיין ברודער עשו:

7. ברענג מיר אַ געפאַנג און מאַך מיר אַ געקעכץ, וועל איך עסען און זאָל דיך בענשען פאַר גאָט פאַר מיין טויט.

8. און איצט, מיין זוהן, פאָלג מיין שטימע, וואָס איך זאָג דיר אָן:

9. געה צו די שאָף און נעהם מיר פון דאָרטען צוויי גוטע ציקעלעך, וועל איך פון זיי מאַכען אַ געקעכץ פאַר דיין פאָטער, אַזוי ווי ער האָט ליעב,

10. און די וועסט עס ברענגען צו דיין פאָטער און ער וועט עסען, כדי ער זאָל דיך בענשען פאַר זיין טויט.

11. האָט יעקב געזאָגט צו זיין מוטער רבקה: מיין ברודער עשו איז דאָך אָבער אַ האָריגער מענש און איך בין אַ גלאַטיגער מענש;

12. טאָמער וועט מיך מיין פאָטער בעטאַפּען, וועל איך אויסקומען אין זיינע אויגען אַזוי ווי אַ אָבנאַרער, און איך וועל ברענגען אויף מיר אַ קְלָלָה און נישט קיין בְּרָכָה.

13. האָט זיין מוטער צו איהם געזאָגט: אויף מיר זאָל פאַלען דיין קללה, מיין זוהן; נאָר פאָלג מיין שטימע און געה און ברענג מיר.

14. איז ער געגאַנגען און האָט גענומען און געבראַכט צו זיין מוטער; האָט זיין מוטער געמאַכט אַ געקעכץ, אַזוי ווי זיין פאָטער האָט ליעב געהאַט.

15. און רבקה האָט גענומען די פרעכטיגע קליידער פון איהר עלטערן זוהן עשו, וואָס זי האָט געהאַט ביי זיך אין הויז, און האָט אָנגעקליידט איהר יונגערן זוהן יעקב.

16. און די פעל פון די ציקעלעך האָט זי בעקליידט איהם זיינע הענד און אויף די גלאַטקייט פון זיין האַלז.

17. און זי האָט געגעבען דאָס געקעכץ און דעם ברויט, וואָס זי האָט געמאַכט, אין די הענד פון איהר זוהן יעקב.

18. און ער איז געקומען צו זיין פאָטער און האָט געזאָגט: מיין פאָטער! האָט ער געזאָגט: דאָ בין איך; ווער ביזטו, מיין זוהן?

19. האָט יעקב געזאָגט צו זיין פאָטער: איך בין עשו, דיין עלטערער, איך האָב געטהון אַזוי ווי דו האָסט צו מיר גערעדט. שטעה אויף, זעץ דיך און עס פון מיין געפאַנג, כדי דיין זעעלע זאָל מיך בענשען.

20. האָט יצחק געזאָגט צו זיין זוהן: וואָס האָסטו עפּעס אַזוי גיך געפונען, מיין זוהן? האָט ער געזאָגט: ווייל גאָט דיין

גאָט האָט עס מיר אַרויסגעשיקט אַקעגען.

21. האָט יצחק געזאָגט צו יעקב'ן: קום נאָר צו נעהנטער, וועל איך דיך בעטאַפּען, מיין זוהן: צי ביזטו דאָס מיין זוהן עשו, אָדער נייןֿ?

22. איז יעקב צוגעגאַנגען צו זיין פאָטער יצחק, און ער האָט איהם בעטאַפּט און האָט געזאָגט: די שטימע איז יעקב'ס שטימע אָבער די הענד זענען עשו'ס הענד.

23. און ער האָט איהם ניט דערקענט, דען זיינע הענד זענען געווען האָריגע אַזוי ווי די הענד פון זיין ברודער עשו, און ער האָט איהם געבענשט.

24. און ער האָט געזאָגט: דו ביזט דאָס מיין זוהן עשו? האָט ער געזאָגט: איך.

25. האָט ער געזאָגט: דערלאַנג מיר, וועל איך עסען פון מיין זוהנס געפאַנג, כדי מיין זעעלע זאָל דיך בענשען. האָט ער איהם דערלאַנגט, און ער האָט געגעסען; און ער האָט איהם געבראַכט וויין, האָט ער געטרונקען.

26. האָט זיין פאָטער יצחק צו איהם געזאָגט: קום נאָר אַהער און טהו מיר אַ קוש, מיין זוהן.

27. איז ער צוגעגאַנגען און האָט איהם אַ קוש געטהון. האָט ער דערשמעקט דעם ריח פון זיינע קליידער און ער האָט איהם געבענשט און געזאָגט: זעה, דער ריח פון מיין זוהן איז אַזוי ווי דער ריח פון פעלד, וואָס גאָט האָט עס געבענשט.

28. און גאָט זאָל דיר געבען פון טוי פון הימעל און פון דער פעטקייט פון דער ערד, און פיעל קאָרן און וויין.

29. שטאַמען זאָלען דיר דיענען און פעלקער זאָלען זיך צו דיר בוקען; זיי אַ הערר איבער דיינע ברידער, און די זוהן פון דיין מוטער זאָלען זיך צו דיר בוקען. די, וואָס שעלטען דיך, זאָלען זיין געשאָלטען. און די, וואָס בענשען דיך, זאָלען זיין געבענשט.

30. און עס איז געוועזען, ווען יצחק האָט געענדיגט בענשען

יעקב'ן, און ווי יעקב איז נאָר אַרויסגעגאַנגען פֿון זיין פאָטער יִצחק, איז זיין ברודער עֵשָׂו אָנגעקומען פון זיין געפאַנג.

31. און ער האָט אויך געמאַכט אַ געקעכץ און האָט עס געבראַכט צו זיין פאָטער און האָט געזאָגט צו זיין פאָטער: זאָל מיין פאָטער אויפשטעהן און זאָל עסען פון זיין זוהנס געפאַנג, כדי דיין זעעלע זאָל מיך בענשען.

32. האָט זיין פאָטער יִצחק צו איהם געזאָגט: ווער ביזטו? האָט ער געזאָגט: איך בין דיין זוהן, דיין בְּכוֹר, עֵשָׂו.

33. איז יִצחק זעהר שטאַרק אויפגעציטערט געוואָרען און האָט געזאָגט: ווער-זשע איז עס דער, וואָס האָט געפאַנגען אַ געפאַנג, און מיר געבראַכט און איך האָב געגעסען פון אַלין, נאָך איידער דו ביזט געקומען, און איך האָב איהם געבענשט? און זאָל ער טאַקי זיין געבענשט.

34. ווי עֵשָׂו האָט דערהערט די רייד פון זיין פאָטער, האָט ער אויסגעשריען אַ זעהר גרויסען און ביטערען געשריי, און האָט געזאָגט צו זיין פאָטער: בענש מיך אויך, מיין פאָטער.

35. האָט ער געזאָגט: דיין ברודער איז געקומען מיט קלוגשאַפט, און האָט צוגענומען דיין בְּרָכָה.

36. האָט (עֵשָׂו) געזאָגט: נישט אומזיסט האָט מען אָנגערופען זיין נאָמען יעקב, דען ער האָט מיך גענאַרט שוין צוויי מאָל: מיין בכורה האָט ער צוגענומען, און איצט האָט ער צוגענומען מיין ברכה. און ער האָט געזאָגט: דו האָסט דאָך נאָך פאַר מיר אויך איבערגעלאָזט אַ ברכה.

37. האָט יִצחק געענטפערט און געזאָגט צו עֵשָׂו'ן: איך האָב דאָך איהם געמאַכט פאַר דיין הערר, און זיינע אַלע ברודער האָב איך געמאַכט פאַר זיינע קנעכט, און מיט קאָרן און וויין האָב איך איהם בעשטעקט, וואָס-זשע קאָן איך דיר איצט טהון, מיין זוהן?

38. האָט עֵשָׂו געזאָגט צו זיין פאָטער: צי דען איז דאָס ביי דיר נאָר איין ברכה, מיין פאָטער? בענש מיך אויך, מיין פאָטער. און עֵשָׂו האָט אויפגעהויבען זיין שטימע און האָט געוויינט.

39. האָט זיין פאָטער יצחק געענטפערט און געזאָגט צו איהם: אַזוי וועט דיין וואָהנונג זיין פון דער פעטסקייט פון דער ערד און פון טוי פון הימעל פון דער הויך;

40. און דורך דיין שווערד וועסטו לעבען, און דיין ברודער וועסטו דיענען, און עס וועט זיין, ווען דו וועסט געוועלטיגען, וועסטו אַראָבּרייסען זיין יאָך פון דיין האַלז.

41. האָט עשו פיינד בעקומען יעקב'ן צוליעב דער ברכה, וואָס זיין פאָטער האָט איהם געבענשט, און עשו האָט געזאָגט אין זיין האַרצען: זאָלען נאָר אָנקומען די טרויער־טעג נאָך מיין פאָטער, וועל איך טויטען מיין ברודער יעקב.

42. האָט מען רבקה'ן דערצעהלט די רייד פון איהר גרעסערן זוהן עשו, האָט זי געשיקט רופען איהר קלענערן זוהן יעקב, און האָט צו איהם געזאָגט: אַזוי ווי דיין ברודער עשו בערייט זיך דיך צו טוידטען,

43. דעריבער, מיין זוהן, פאָלג איצט מיין שטימע, און שטעה אויף, אַנטלויף דיר צו מיין ברודער לבן אין חרן;

44. און דו וועסט זיצען מיט איהם איניגע טעג, ביז עס וועט זיך אָבּווענדען דיין ברודערס צאָרן,

45. ביז עס וועט זיך אָבּווענדען פון דיר דיין ברודערס כעס, און ער וועט פערגעסען, וואָס דו האָסט איהם געטהון, וועל איך שיקען און וועל דיך אָבּנעהמען פון דאָרטען. דען צו וואָס זאָל איך אַייך ביידען פערליערען אין איין טאָג?

46. און רבקה האָט געזאָגט צו יצחק'ן: מיר איז מיאוס געוואָרען דאָס לעבען צוליעב די טעכטער פון חת. אויב יעקב וועט נעהמען אַ ווייב פון די טעכטער פון חת, אַזוי ווי די, פון די טעכטער פון לאַנד, צו וואָס טויג מיר דאַן דאָס לעבען?

## קאַפּיטעל 28.

1. האָט יצחק גערופען יעקב'ן און האָט איהם געבענשט און איהם אַזוי אָנגעזאָגט: דו זאָלסט ניט נעהמען קיין ווייב פון די טעכטער פון כנען.

2. שטעה אויף, געה אין פַּדַן אֲרָם, אין הויז פון בְּתוּאֵל, דיין מוטערס פאָטער, און נעהם דיר פון דאָרט אַ ווייב פון די טעכטער פון לָבָן, דיין מוטערס ברודער.

3. און דער אַלמעכטיגער גאָט זאָל דיך בענשען און זאָל דיך מאַכען פרוכטבאַר און דיך פערמעהרען, און עס זאָל ווערען פון דיר אַ מענגע פעלקער;

4. און ער זאָל דיר געבען די ברכה פון אברהם'ן, דיר און דיינע קינדער מיט דיר, דו זאָלסט בעזיצען דאָס לאַנד, וואו דו וואָהנסט, וואָס גאָט האָט געגעבען אברהם'ן.

5. און יִצחק האָט אַוועקגעשיקט יעקב'ן, און ער איז גע־גאַנגען אין פַּדַן אֲרָם צו לָבָן, דעם זוהן פון בתואל דעם אֲרַמִי, דעם ברודער פון רבקה, די מוטער פון יעקב'ן און עֵשׂו'ן.

6. און עֵשׂו האָט געזעהן, דאָס יִצחק האָט געבענשט יעקב'ן און האָט איהם אַוועקגעשיקט קיין פדן ארם, צו נעהמען זיך דאָרט אַ ווייב, און ביים בענשען האָט ער איהם אָנגעזאָגט: דו זאָלסט נישט נעהמען קיין ווייב פון די טעכטער פון כנען,

7. און יעקב האָט געפאָלגט זיין פאָטער און זיין מוטער און איז געגאַנגען קיין פדן ארם;

8. האָט עֵשׂו געזעהן, אַז די טעכטער פון כנען געפעלען נישט אין די אויגען פון זיין פאָטער יִצחק,

9. איז עֵשׂו געגאַנגען צו יִשמעאל'ן און האָט גענומען, אויסער זיינע איבריגע ווייבער, נאָך אַ ווייב: מַחֲלַת, די טאָכטער פון יִשמעאל, אברהם'ס זוהן, די שוועסטער פון נְבָיוֹת.

## זיעבענטע סֶדְרָה: וַיֵּצֵא.

10. און יעקב איז אַרויסגעגאַנגען פון בְּאֵר־שֶׁבַע און איז גע־גאַנגען קיין חָרָן.

11. און ער איז אָנגעקומען און אַ אָרט און האָט דאָרט גענעכטיגט, ווייל די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען. און ער האָט גענומען פון די שטיינער פון אָרט און געלעגט צוקאָפּענס, און האָט זיך געלעגט אויף דעם דאָזיגען אָרט.

12. און עס האָט זיך איהם געחלומט, ווי אַ לייטער שטעהט אויף דער ערד, און זיין שפּיץ דערגרייכט ביז'ן הימעל, און מלאָכים פון גאָט געהען דורך איהם אַרויף און אַראָב.

13. און גאָט איז געשטאַנען אויף איהם און האָט געזאָגט: איך בין גאָט, דער גאָט פון דיין פאָטער אברהם און דער גאָט פון יצחק. די ערד, וואָס דו ליעגסט אויף איהר, וועל איך אָבגעבען דיר און דיינע קינדער.

14. און דיינע קינדער וועלען זיין אַזוי ווי שטויב פון דער ערד, און דו וועסט זיך פערשפּרייטען אויף מערב און מזרח און צפון און דרום, און עס וועלען זיך מיט דיר און מיט דיינע קינדער בענשען אַלע געשלעכטער פון דער ערד.

15. און אַזוי בין איך מיט דיר, און איך וועל דיך אָבהיטען אומעטום וואוהין דו וועסט געהן, און איך וועל דיך צוריקפיהרען צו דער דאָזיגער ערד, דען איך וועל דיך נישט פערלאָזען, ביז איך וועל טהון דאָס, וואָס איך האָב גערעדט צו דיר.

16. און יעקב האָט אויפגעוואַכט פון זיין שלאָף און האָט געזאָגט: ווירקליך, גאָט איז אין דעם דאָזיגען אָרט, און איך האָב נישט געוואוסט.

17. און ער האָט מורא געהאַט און געזאָגט: ווי שרעקליך איז דאָס דאָזיגע אָרט! נישט אַנדערש, נאָר דאָ איז גאָט'ס הויז, און דאָס איז דער טויער פון הימעל.

18. און יעקב איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און האָט גענומען דעם שטיין, וואָס ער האָט געלעגט צוקאָפּענס, און האָט איהם געשטעלט גלייך אַ דענקמאָהל און האָט געגאָסען בוימאויל אויף זיין שפּיץ.

19. און ער האָט אָנגערופען דעם נאָמען פון יענעם אָרט

בֵּית־אֵל, נָאר צוּ'ם עֶרשְׁטֶען אִיז דֶער נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאדט גֶעוועזֶען לוּז .

20. אוּן יעקב הָאט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן אוּן הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט : אוֹיבּ גָאט וועט זַיין מִיט מִיר אוּן וועט מִיךְ אָבּהִיטֶען אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען וועג, וואס אִיךְ גֶעה, אוּן עֶר וועט מִיר גֶעבֶּען בְּרוֹיט צוּ'ם עֶסֶען אוּן אַ קְלֵייד אָנְצוּטְהוּן,

21. אוּן אִיךְ וועל צוּרִיקְקֶעהרֶען אִין פְרִידֶען צוּ מַיין פָאטֶער'ס הוֹיז, – וועט גָאט זַיין מַיין גָאט,

22. אוּן דֶער דָאזִיגֶער שְׁטֵיין, וואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁטֶעלְט אַ דֶענְקמַאל, וועט זַיין גָאטֶס הוֹיז, אוּן פוּן אַלֶעם, וואס דוּ וועסט מִיר גֶעבֶּען, וועל אִיךְ אַ צֶעהנְט־חֵלֶק דִיר אָבּגֶעבֶּען .

## קאפיטעל 29.

1. אוּן יעקב הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע פִיס אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין לַאנד פוּן מִזְרַח־זַייט ;

2. הָאט עֶר דֶערזֶעהן אַ בְּרוּנֶען אִין פֶעלד, אוּן דְרַיי סְטַאדֶעס שָׁאף לִיעגֶען דָארט נֶעבֶּען בְּרוּנֶען, דֶען פוּן יֶענֶעם בְּרוּנֶען פְלֶעגְט מֶען אָנְטְרִינְקֶען דִי סְטַאדֶעס, אוּן אַ גְרוֹיסֶער שְׁטֵיין אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף דֶער לָאךְ פוּן בְּרוּנֶען .

3. אוּן עֶס פְלֶעגֶען זִיךְ דָארט פֶערזַאמְלֶען אַלֶע סְטַאדֶעס אוּן פְלֶעגֶען אַרָאבְּקַייקְלֶען דֶעם שְׁטֵיין פוּן דֶער לָאךְ פוּן בְּרוּנֶען, אוּן פְלֶעגֶען אָנְטְרִינְקֶען דִי שָׁאף אוּן צוּרִיק אַרוֹיפְלֶעגֶען דֶעם שְׁטֵיין אוֹיף דֶער לָאךְ פוּן בְּרוּנֶען אוֹיף זַיין אָרט .

4. הָאט יעקב צוּ זֵיי גֶעזָאגְט : מַיינֶע בְּרִידֶער, פוּן וואַנֶען זֶענְט אִיהר ? הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט : פוּן חָרָן זֶענֶען מִיר .

5. הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זֵיי : צִי קֶענְט אִיהר לָבָן, דֶעם זוּהן פוּן נָחוֹר ? הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט : מִיר קֶענֶען .

6. הָאט עֶר צוּ זֵיי גֶעזָאגְט : צִי אִיז עֶר גֶעזוּנְד ? הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט : גֶעזוּנְד, אוּן אָט קוּמְט אָן זַיין טָאכְטֶער רָחֵל מִיט דִי שָׁאף .

7. האָט ער געזאָגט: דער טאָג איז דאָך נאָך גרויס, עס איז נאָך ניט צייט צו פערזאַמלען די פיה; טרינקט אָן די שאָף און געהט פאַשען.

8. האָבען זיי געזאָגט: מיר קאָנען ניט, ביז עס װעלען זיך פערזאַמלען אַלע בטאַדעס, וועלען זיי אַראָבקוילערן דעם שטיין פון דער לאָך פון ברונען, וועלען מיר אָנטרינקען די שאָף.

9. ווי ער רעדט אַזוי מיט זיי, קומט אָן רָחֵל מיט די שאָף פון איהר פאָטער, דען זי איז געווען אַ פאַסטוכערין.

10. און ווי יעקב האָט דערזעהן רָחֵל'ן, די טאָכטער פון לָבָן, זיין מוטערס ברודער, און די שאָף פון לבן, זיין מוטערס ברודער, איז ער צוגעגאַנגען און האָט אַראָבגעקייקעלט דעם שטיין פון דער לאָך פון ברונען און האָט אָנגעטרונקען די שאָף פון לבן, זיין מוטערס ברודער.

11. און יעקב האָט אַ קוש געטהון רחל'ן, און האָט אויפגעהויבען זיין שטימע און האָט געוויינט.

12. און יעקב האָט רחל'ן געזאָגט, דאָס ער איז איהר פאָטערס קרוב און דאָס ער איז רבקה'ס זוהן, איז זי געלאָפען און האָט אָנגעזאָגט איהר פאָטער.

13. און ווי לבן האָט דערהערט וועגען יעקב'ן, איז ער געלאָפען איהם אַקעגען און האָט איהם געהאַלזט און געקושט און איהם געבראַכט אין זיין הויז. האָט ער לבנ'ן דערציילט די דאָזיגע אַלע זאַכען.

14. האָט לבן צו איהם געזאָגט: דו ביזט דאָך מיין ביין און מיין פלייש. איז ער מיט איהם געזעסען אַ חודש צייט.

15. האָט לבן געזאָגט צו יעקב'ן: צו דען ווייל דו ביזט מיין ברודער, זאָלסטו מיך דינען אומזיסט? זאָג מיר, וואָס איז דיין לוין?

16. און לבן האָט געהאַט צוויי טעכטער: דער נאָמען פון דער גרעסערער איז געווען לֵאָה, און דער נאָמען פון דער קלענערער — רָחֵל.

17. אוּן לאה'ס אויגען זֶענֶען נֶעוועֶן שוואַכֶע, אוּן רחל אִיז גֶעוועֶן מִיט אַ שֵׁיין גֶעשְׁטַאלט אוּן אַ שֵׁיין אויסזֶעהֶען.

18. אוּן יעקב האָט לִיעבּ גֶעהַאט רחל'ן. האָט עֶר גֶעזָאגְט: אִיךְ וועֶל דִיךְ דִיענֶען זִיעבּעֶן יאָהר פַאר דַיין קְלֵיינֶע טאָכְטעֶר רחל.

19. האָט לבן גֶעזָאגְט: גְלַייכֶער אִיךְ זאָל זִי דִיר גֶעבֶּען, אֵיידֶער אִיךְ זאָל זִי גֶעבֶּען אַן'אַנדֶערְן; וואָהן מִיט מִיר.

20. האָט יעקב גֶעדִיענְט פַאר רחל'ן זִיעבּעֶן יאָהר, זֶענֶען זֵיי אִיהם אויסגֶעקוּמֶען ווִי אֵיינִיגֶע טעֶג, ווַייל עֶר האָט זִי לִיעבּ גֶעהַאט.

21. האָט יעקב גֶעזָאגְט צוּ לבנ'ן: גִיעבּ מִיר מַיין ווַייבּ, דעֶן עֶס אִיז שׁוֹין פָאלֶענְדֶעט גֶעוואָרֶען מַיין צַייט, אוּן אִיךְ וועֶל קוּמֶען צוּ אִיהר.

22. האָט לבן פֶערזַאמֶעלְט אַלֶע מֶענְשֶׁען פוּן אָרט אוּן האָט גֶעמַאכְט אַ מאָלְצַייט.

23. אוּן ווֶען עֶס אִיז גֶעוואָרֶען אָוועֶנְד, האָט עֶר גֶענוּמֶען זַיין טאָכְטעֶר לאָה אוּן האָט זִי גֶעבְּרַאכְט צוּ אִיהם, אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהר,

24. אוּן לבן האָט אִיהר גֶעגֶעבֶּען זַיין דִיענְסְט זִלְפָּה, אַלְס דִיענְסְט פַאר זַיין טאָכְטעֶר לאָה.

25. ווִי עֶס אִיז אָנגֶעקוּמֶען דעֶר פְרִיהמאָרגֶען, ווַייזְט זִיךְ נאָר אַרוֹיס, אַז דאָס אִיז לאָה. האָט עֶר גֶעזָאגְט צוּ לבנ'ן: וואָס האָסְטוּ דאָס מִיר אָבּגֶעטְהוּן? אִיךְ האָבּ דאָךְ דִיךְ גֶעדִיענְט פַאר רחל'ן, טאָ פַאר-וואָס האָסְטוּ מִיךְ אָבּגֶענַארְט?

26. האָט לבן גֶעזָאגְט: מעֶן טְהוּט נִישְׁט אַזוֹי אִין אוּנְזעֶר אָרְט, מעֶן זאָל גֶעבֶּען דִי יוּנְגֶערֶע פְרִיהעֶר פַאר דעֶר עֶלְטעֶרֶער.

27. לאָז אַרִיבּעֶרגֶעהֶן דִי וואָךְ מִיט דעֶר, וועֶלֶען מִיר דִיר גֶעבֶּען אוֹיךְ דִי אַנְדֶערֶע פַאר דעֶר דִיענְסְט, וואָס דוּ וועֶסְט בַּיי מִיר דִיענֶען נאָךְ אַנְדֶערֶע זִיעבּעֶן יאָהר.

28. האָט יעקב אַזוֹי גֶעטְהוּן אוּן האָט גֶעלאָזְט אַרִיבּעֶרגֶעהֶן דִי וואָךְ מִיט דעֶר. אוּן עֶר האָט אִיהם גֶעגֶעבֶּען זַיין טאָכְטעֶר רחל פַאר אַ ווַייבּ.

29. און לבן האָט געגעבען זיין מאָכטער רחל'ן זיין דיענסט בלהה, צו זיין איהר דיענסט.

30. און ער איז געקומען אויך צו רחל'ן, און ער האָט רחל'ן מעהר ליעב געהאַט ווי לאה'ן. און ער האָט ביי איהם געדיענט נאָך זיעבען אַנדערע יאָהר.

31. האָט גאָט געזעהן, דאָס לאה איז ניט געליעבט, האָט ער זי געמאַכט פרוכטבאַר, און רחל איז געוועזען אַ עֲקָרָה.

32. און לאה איז שוואַנגער געוואָרען און האָט געבאָרען אַ זוהן, האָט זי אָנגערופען זיין נאָמען: רְאוּבֵן, דען זי האָט געזאָגט: וויַל גאָט האָט אָנגעזעהן מיין פּיין, דען איצט וועט מיך מיין מאַן ליעב האָבען.

33. און זי איז ווידער שוואַנגער געוואָרען און האָט געבאָרען אַ זוהן און האָט געזאָגט: וויַל גאָט האָט געהערט, דאָס איך בין ניט בעליעבט, האָט ער מיר אויך דעם געגעבען; און זי האָט אָנגערופען זיין נאָמען: שִׁמְעוֹן.

34. און זי איז ווידער שוואַנגער געוואָרען און האָט געבאָרען אַ זוהן און האָט געזאָגט: איצט, דאָס מאָל וועט מיין מאַן שוין ווערען צוגעגליעט צו מיר, דען איך האָב איהם שוין געבאָרען דריי זוהן. דעריבער האָט מען אָנגערופען זיין נאָמען: לֵוִי.

35. און זי איז ווידער שוואַנגער געוואָרען און האָט געבאָרען אַ זוהן און האָט געזאָגט: דאָס מאָל דאַנק איך גאָט. דעריבער האָט זי אָנגערופען זיין נאָמען: יְהוּדָה. און זי האָט אויפגעהערט צו געבוירען.

## קאַפּיטעל 30.

1. און רחל האָט געזעהן, דאָס זי האָט יעקב'ן ניט געבאָרען קיין קינדער, האָט רחל מְקַנֵּא געוועזען איהר שוועסטער און האָט געזאָגט צו יעקב'ן: גיעב מיר קינדער, און אויב ניט—שטאַרב איך.

2. האָט יעקב'ן פֿערדראָסען אויף רחל'ן און ער האָט געזאָגט: צו דען בין איך אַזוי ווי גאָט, וואָס האָט דיר פֿערזאָגט די פּרוכט פֿון לײַב?

3. האָט זי געזאָגט: אָט איז מײַן דינסט בִּלְהָה; קום צו איהר און זי וועט געבוירען אויף מײַנע קניה, וועל איך אויך געהאָלפֿען ווערען דורך איהר.

4. האָט זי איהם געגעבען איהר דינסט בלהה פֿאַר אַ ווײַב. און יעקב איז געקומען צו איהר.

5. און בִּלְהָה איז שוואַנגער געוואָרען און האָט יעקב'ן געבאָרען אַ זוהן.

6. האָט רחל געזאָגט: גאָט האָט מיך געריכטעט און האָט אויך דערהערט מײַן שטימע, און האָט מיר געגעבען אַ זוהן. דעריבער האָט זי אָנגערופֿען זײַן נאָמען: דָן.

7. און זי איז ווידער שוואַנגער געוואָרען, און בלהה, רחל'ס דינסט, האָט יעקב'ן געבאָרען אַ צווייטען זוהן.

8. האָט רחל געזאָגט: אַ שטאַרקען קאַמפף האָב איך געקעמפפט מיט מײַן שוועסטער, און איך האָב אויך בײַגעקומען; דעריבער האָט זי אָנגערופֿען זײַן נאָמען: נַפְתָּלִי.

9. און לֵאָה האָט דערזעהן, דאָס זי האָט אויפֿגעהערט צו געבוירען, האָט זי גענומען איהר דינסט זִלְפָּה, און האָט זי געגעבען יעקב'ן פֿאַר אַ ווײַב.

10. האָט זלפה, לֵאָה'ס דינסט, יעקב'ן געבאָרען אַ זוהן.

11. האָט לֵאָה געזאָגט: דאָס גליק איז געקומען. און זי האָט דעריבער אָנגערופֿען זײַן נאָמען: גָד.

12. און זלפה, לֵאָה'ס דינסט, האָט יעקב'ן געבאָרען אַ צווייטען זוהן.

13. האָט לֵאָה געזאָגט: דאָס איז צו מײַן לויב, דען עס וועלען מיך לויבען די טעכטער. און זי האָט אָנגערופֿען זײַן נאָמען: אָשֵׁר.

14. און ראובן איז געגאַנגען אין דער צײַט פֿון ווייצען־שניט

אין האָט געפֿונען מאַנדראַגאָרען-עפּעלעך אין פֿעלד , האָט ער זיי געבראַכט צו זײַן מוטער לֵאָה. האָט רָחֵל געזאָגט צו לאָה'ן : גיעב מיר אַביסעל פֿון דײַן זוהנס מאַנדראַגאָרען-עפּעלעך .

15. האָט זי געזאָגט צו איהר : נאָך וועניג , וואָס דו נעהמסט צו מײַן מאַן , ווילסטו נאָך אויך צונעהמען מײַן זוהנס מאַנדראַגאָרען-עפּעלעך. האָט רחל געזאָגט : דערפֿאַר זאָל ער מיט דיר ליעגען די נאַכט , פֿאַר דײַן זוהנס מאַנדראַגאָרען-עפּעלעך .

16. איז יעקב געקומען פֿון פֿעלד אין אָבענד, איז איהם לאָה אַרויסגעגאַנגען אַקעגען און האָט געזאָגט : צו מיר זאָלסטו קומען, דען איך האָב דיך געדונגען פֿאַר מײַן זוהנס מאַנדראַגאָרען-עפּעלעך . איז ער מיט איהר געלעגען יענע נאַכט .

17. און גאָט האָט דערהערט לאָה'ן און זי איז שוואַנגער געוואָרען און האָט יעקב'ן געבאָרען אַ פֿינפֿטען זוהן .

18. האָט לאָה געזאָגט : גאָט האָט מיך בעלויהנט דערפֿאַר, וואָס איך האָב מײַן מאַן געגעבען מײַן דיענסט , און זי האָט אָנגערופֿען זײַן נאָמען : יִשָּׂשכָר .

19. און לאָה איז ווידער שוואַנגער געוואָרען און האָט יעקב'ן געבאָרען אַ זעקסטען זוהן.

20. האָט לאָה געזאָגט : גאָט האָט מיך בעשענקט מיט אַ שען געשאַנק; דאָס מאָל וועט שוין מײַן מאַן מיט מיר וואָהנען, דען איך האָב איהם געבאָרען זעקס זיהן. און זי האָט אָנגערופֿען זײַן נאָמען : זְבוּלֻן .

21. און דערנאָך האָט זי געבאָרען אַ טאָכטער , און זי האָט אָנגערופֿען איהר נאָמען דִינָה.

22. און גאָט האָט זיך דערמאָנט אָן רחל'ן , און גאָט האָט זי דערהערט און זי געמאַכט פֿרוכטבאַר .

23. און זי איז שוואַנגער געוואָרען און האָט געבאָרען אַ זוהן און האָט געזאָגט : גאָט האָט אָבגעטהון מײַן חֶרְפָּה .

24. אין זי האָט אָנגערופֿען זײַן נאָמען : יוֹסֵף. זאָגענדיג : זאָל מיר גאָט צוגעבען נאָך אַנ'אַנדער זוהן .

25. אוּן עֶס אִיז גֶעוועֶן, ווען רחל האָט גֶעבּאָרֶען יוֹסֵף'ן, האָט יעקב גֶעזאָגְט צוּ לבנ'ן: שִׁיק מִיךְ אָב, ווֶעל אִיךְ גֶעהן צוּ מַיין אָרט אוּן צוּ מַיין לאַנד.

26. גִיעבּ מִיר מַיינֶע ווַייבֶּער אוּן מַיינֶע קִינדֶער, וואָס אִיךְ האָבּ דִיר פַאר זֵיי גֶעדִיענְט, דען דוּ ווייסט מַיין אַרבַּייט, וואָס אִיךְ האָבּ בַּיי דִיר גֶעאַרבַּייט.

27. האָט לבן צוּ אִיהם גֶעזאָגְט: אוֹיבּ אִיךְ האָבּ גֶעפִינֶען לַייטזֶעלִיגקַייט אִין דַיינֶע אוֹיגֶען (זאָלְסְטוּ נִישְׁט אַוועֶקגֶעהן פוּן מִיר); אִיךְ שְׁפִּיר, דאָס גאָט האָט מִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט צוּלִיעבּ דִיר.

28. אוּן עֶר האָט גֶעזאָגְט: בֶּעשְׁטִים מִיר דַיין לוֹיהן, ווֶעל אִיךְ גֶעבֶּען.

29. האָט עֶר צוּ אִיהם גֶעזאָגְט: דוּ ווייסט, ווִי אִיךְ האָבּ דִיךְ גֶעדִיענְט אוּן וואָס פוּן דַיין פִיה אִיז גֶעוואָרֶען בַּיי מִיר;

30. אַז דאָס בִּיסֶעל, וואָס דוּ האָסְט גֶעהַאט פַאר מִיר, אִיז אִיצְט פִיעל פֶערמֶעהרְט גֶעוואָרֶען, אוּן גאָט האָט דִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט צוּלִיעבּ מִיר; אוּן אִיצְט, ווען ווֶעל אִיךְ אוֹיךְ זאָרגֶען פַאר מַיין הוֹיז?

31. האָט עֶר גֶעזאָגְט: וואָס זאָל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען? האָט יעקב גֶעזאָגְט: דוּ זאָלְסְט מִיר גאָרנִישְׁט גֶעבֶּען; נאָר אוֹיבּ דוּ ווֶעסְט מִיר טהוּן דִי דאָזִיגֶע זאַך, ווֶעל אִיךְ צוּרִיקגֶעהן פַאשֶׁען אוּן היִטֶען דַיינֶע שָׁאף:

32. אִיךְ ווֶעל דוּרכְגֶעהן הַיינְט דוּרךְ דַיינֶע אַלֶע שָׁאף: טֵייל אָבּ פוּן זֵיי אַלֶע גֶעפִּינְטֶעלְטֶע אוּן גֶעפְלֶעקְטֶע שָׁאף, אַלֶע בְּרוֹינֶע שָׁאף פוּן צְווִישֶׁען דִי לֶעמֶער, אוּן דִי גֶעפְלֶעקְטֶע אוּן גֶעפִּינְטֶעלְטֶע פוּן צְווִישֶׁען דִי צִיעגֶען, אוּן דאָס ווֶעט זַיין מַיין לוֹיהן.

33. אוּן עֶס ווֶעט עֵדוּת זאָגֶען אוֹיף מִיר מַיין גֶערֶעכְטִיגְקַייט אִין דֶער שְׁפֶּעטֶערֶער צַייט, ווען דוּ ווֶעסְט קוּמֶען בֶּעקוּקֶען מַיין לוֹיהן, אִיז דאָס, וואָס אִיז נִישְׁט גֶעפִּינְטֶעלְט אוּן גֶעפְלֶעקְט צְווִישֶׁען דִי צִיעגֶען אוּן בְּרוֹין צְווִישֶׁען דִי לֶעמֶער, האָבּ אִיךְ דאָס גֶעגַנְבֶה'ט.

34. האָט לבן גֶעזאָגְט: גוּט, זאָל זַיין אַזוֹי ווִי דוּ זאָגְסְט.

35. אוּן עֶר האָט יֶענֶעם טאָג אָבּגֶעטֵיילְט דִי גֶעשְׁפְּרֶענְקֶעלְטֶע

און געפלעקטע בעק, און אלע געפינטעלטע און געפלעקטע ציעגען, אלין וואס האט עפעס ווייסעס אין זיך און אלין וואס ברוין צווישען די לעמער, און האט עס איבערגעגעבען אין די הענד פון זיינע קינדער.

36. און ער האט אבגעטיילט דריי טעג רייזע צווישען איהם און צווישען יעקב׳ן. און יעקב האט געפאשעט די איבעריגע לבנ׳ס שאף.

37. האט יעקב גענומען שטעקלעך פון פאפעל-בוימער, מאנדעל-בוימער און קאשטאן-בוימער און האט אויסגעשיילט אין זיי ווייסע פאסען, דאס עס איז געווארען אבגעדעקט דאס ווייסע, וואס אויף די שטעקלעך,

38. און ער האט געשטעלט די שטעקלעך, וואס ער האט אויסגעשיילט, אקעגען די שאף אין די קארויטעס צו׳ם טרינקען וואסער, וואו די שאף קומען טרינקען, און וואו זיי ווערען דער-היצט, ווען זיי קומען טרינקען.

39. און די שאף זענען דערהיצט געווארען קעגען די שטעק-לעך, האבען די שאף געבארען געשפרענקעלטע, געפינטעלטע און געפלעקטע.

40. און די לעמער האט יעקב אבגעטיילט און האט געשטעלט די שאף מיט׳ן געזיכט צו דאס געשפרענקעלטע און ברוינע אין לבנ׳ס שאף, און ער האט זיך געמאכט בעזונדער סטאדעס און האט זיי נישט צוגעגעבען צו לבנ׳ס שאף.

41. און עס איז געוועזען יעדעס מאל, ווען עס האבען זיך דערהיצט די שטארקע שאף, האט יעקב אריינגעשטעלט די שטעק-לעך אין די קארויטעס פאר די אויגען פון די שאף, כדי זיי זאלען זיך דערהיצען פאר די שטעקלעך;

42. און ווען די שאף זענען געוועזען שוואכע, האט ער די שטעקלעך נישט געשטעלט; זענען די שוואכע געוועזען פאר לבנ׳ען, און די שטארקע — פאר יעקב׳ן.

43. און דער מאַן איז זעהר אין זעהר רייך געוואָרען און ער האָט געהאַט פיעל שאָף און דיענסטען און קנעכט און קעמלען און אייזלען.

## קאפיטעל 31.

1. און ער האָט געהערט, ווי לָבָנ'ס זיהן רעדען אַזוי: יַעֲקֹב האָט צוגענומען אַלץ, וואָס געהער צו אונזער פֿאָטער, און פֿון דעם, וואָס געהער צו אונזער פֿאָטער, האָט ער געמאַכט די דאָזיגע גאַנצע רייכקייט.

2. און יעקב האָט געזעהן לבנ'ס געזיכט, דאָס עס איז שוין ניט צו איהם אַזוי ווי נעכטען און העהרנעכטען.

3. האָט גאָט געזאָגט צו יעקב'ן: קעהר צוריק אין לאַנד פֿון דיינע עלטערן און אין דיין געבורטס-אָרט, און איך וועל זיין מיט דיר.

4. האָט יעקב געשיקט רופֿען רָחֵל'ן און לֵאָה'ן אין פֿעלד אַריין, צו זיינע שאָף,

5. און האָט געזאָגט צו זיי: איך זעה דאָס געזיכט פֿון אייער פֿאָטער, דאָס עס איז שוין ניט צו מיר אַזוי ווי נעכטען און העהרנעכטען, און דער גאָט פֿון מיין פֿאָטער איז געוועזען מיט מיר.

6. און איהר ווייסט, דאָס מיט מיין גאַנצער קראַפֿט האָב איך געדיענט אייער פֿאָטער;

7. און אייער פֿאָטער האָט געשפּאָט איבער מיר און האָט אויסגעביטען מיין לויהן צעהנדליגער מאָל, נאָר גאָט האָט איהם ניט געלאָזען שלעכטס טהון מיט מיר.

8. פֿלעגט ער זאָגען: געפּינטעלטע זאָלען זיין דיין לויהן, פֿלעגען אַלע שאָף געבוירען געפּינטעלטע; און פֿלעגט ער זאָגען: געשפּרענקעלטע זאָלען זיין דיין לויהן, פֿלעגען אַלע שאָף געבוירען געשפּרענקעלטע.

9. איז גאָט דאָס אָבגענומען די פֿיה פֿון אייער פֿאָטער און האָט מיר געגעבען.

10. און עס איז געװעזען, װען די שאָף האָבען זיך דער־הויצט, האָב איך אױפגעהױבען מײַנע אױגען און האָב געזעהען אין חלום, װי די בעק, װאָס געהען אַרױף אױף די שאָף, זענען געשפרענקעלטע, געפינטעלטע און געפלעקטע.

11. און אַ מַלְאָךְ פֿון גאָט האָט צו מיר געזאָגט אין חלום. יעקב! האָב איך געזאָגט: דאָ בין איך!

12. האָט ער געזאָגט: הױב אױף דײַנע אױגען און זעה די אַלע בעק, װאָס געהען אַרױף אױף די שאָף, זענען געשפרענקעלטע, געפינטעלטע און געפלעקטע, דען איך האָב געזעהן אַלץ, װאָס לבן טהוט דיר.

13. איך בין דער גאָט פֿון בית־אֵל, װאָס דו האָסט דאָרט געזאַלבט אַ מַצֵּבָה און דו האָסט דאָרט צו מיר אַ נֶדֶר געטהון. איצט שטעה אױף, געה אַרױס פֿון דעם דאָזיגען לאַנד, און קעהר צוריק אין דײַן געבורטסלאַנד.

14. האָבען רחל און לאה געענטפֿערט און האָבען געזאָגט צו איהם: צי דען האָבען מיר נאָך אַ טהײל און אַ יְרוּשָׁה אין אונזער פֿאָטערס הויז?

15. מיר זענען דאָך בײַ איהם גערעכענט אַזױ װי פֿרעמדע, דען ער האָט אונז פֿערקױפֿט, און האָט נאָך אױפֿגעגעסען אונזער געלד;

16. דען די גאַנצע רײַכקײַט, װאָס גאָט האָט אָבגענומען פֿון אונזער פֿאָטער, געהער עס צו אונז און צו אונזערע קינדער. און איצט, אַלין, װאָס גאָט זאָגט צו דיר, טהו עס.

17. איז יעקב אױפֿגעשטאַנען און האָט גענומען זײַנע קינדער און זײַנע װײַבער אױף די קעמלען,

18. און האָט אַװעקגעפֿיהרט זײַנע אַלע פֿיה און זײַן גאַנץ פֿערמעגען, װאָס ער האָט אָנגעזאַמעלט, די פֿיה פֿון זײַן אײַגענ־טום, װאָס ער האָט זיך פֿערשאַפֿט אין פַּדַן אֲרָם, אום צו קומען צו זײַן פֿאָטער יִצחק, און לאַנד כְּנַעַן.

19. און לבן איז געװעזען געגאַנגען שערען זײַנע שאָף;

האָט רחל צוּ גֶעגַנְבֶה'ט איהר פֿאָטערס אָבגעֶטער.

20. און יעקב האָט אָבגענַארט דאָס האַרץ פֿון לבן דעָם אֲרַמִי, דען ער האָט איהם נישט געזאָגט, דאָס ער אַנטלױפֿט.

21. און ער איז אַנטלאָפֿען, ער און אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, און ער איז אױפֿגעשטאַנען און איז אַריבערגעגאַנגען דעם טײַך און זיך געלאָזט געהן צו'ם באַרג גִלְעָד.

22. האָט מען אָנגעזאָגט לבנ'ן אױפֿ'ן דריטען טאָג, דאָס יעקב איז אַנטלאָפֿען.

23. האָט ער מיטגענומען מיט זיך זײַנע ברידער און האָט איהם נאָכגעיאָגט א שטרעקע פֿון זיבען טעג רײַזע, און האָט איהם דעריאָגט בײַ'ם באַרג גלעד.

24. איז גאָט געקומען צו לבן דעם ארמי בײַנאַכט אין חלוֹם און האָט צו איהם געזאָגט: היט זיך, דו זאָלסט נישט רעדען מיט יעקב'ן פֿון גוט ביז שלעכטס.

25. און לבן האָט דערגרייכט יעקב'ן. און יעקב האָט אױסגעשטעלט זײַן געצעלט אױפֿ'ן באַרג, און לבן מיט זײַנע ברידער האָבען אױסגעשטעלט זײער געצעלט אױפֿ'ן באַרג גלעד.

26. און לבן האָט געזאָגט צו יעקב'ן: וואָס האָסטו געטהון? דו האָסט אָבגענַארט מײַן האַרץ און האָסט אַוועקגעפֿיהרט מײַנע טעכטער אַזוי ווי געפֿאַנגענע דורך דעם שווערד.

27. פֿאַרוואָס ביזטו אַנטלאָפֿען און געהײמ און האָסט מיך אָבגענַארט, און האָסט מיר נישט געזאָגט, און איך וואָלט דאָך דיר בעגלײט מיט פֿרײד און מיט געזאַנג, מיט פױק און מיט פֿידעל;

28. און דו האָסט מיך נישט געלאָזט קושען מײַנע זיהן און טעכטער. און אַזוי האָסטו נאַריש געטהון.

29. איך בין אימשטאַנד צו טהון אײַך שלעכטס, נאָר דער גאָט פֿון אײַער פֿאָטער האָט נעכטען צו מיר אַזוי געזאָגט: היט זיך, דו זאָלסט נישט רעדען מיט יעקב'ן פֿון גוט ביז שלעכטס.

30. און איצט, מֵילָא וואָס דו ביזט אַוועקגעגאַנגען, ווײַל

דו האָסט זיך פערבענקט נאָך דיין פאָטערס הויז, נאָר פאַרוואָס האָסטו אַוועקגעגנבה'ט מיינע געטער?

31. האָט יעקב געענטפערט און האָט געזאָגט צו לבנ'ן: וויל איך האָב מורא געהאַט; דען איך האָב זיך געטראַכט: טאָמער וועסטו אַוועקרייסען מיינע טעכטער פון מיר.

32. און ווידער דער, ביי וועמען דו וועסט געפינען דיינע געטער, זאָל ער נישט לעבען פאַר אונזערע ברידער. דערקען אַלין, וואָס איך האָב מיט זיך, און נעהם דיר דיינס. און יעקב האָט נישט געוואוסט, דאָס רחל האָט זיי צוגעגנבה'ט.

33. איז לבן געקומען אין יעקב'ס געצעלט און אין לאה'ס געצעלט און אין געצעלט פון די צוויי דינסטען, און האָט נישט געפונען. איז ער אַרויסגעגאַנגען פון לאה'ס געצעלט און איז געקומען אין רחל'ס געצעלט.

34. און רחל האָט גענומען די אָבגעטער און האָט זיי אַריינגעלעגט אין זאָטעל פון קעמעל און האָט זיך געזעצט אויף זיי. האָט לבן אַרומגעטאַפּט דעם גאַנצען געצעלט און האָט נישט געפונען.

35. האָט זי געזאָגט צו איהר פאָטער: זאָל נישט פערדריסען מיין הערר, דען איך קאָן נישט אויפשטעהן פאַר דיר, וויל ביי מיר איז ווי דער שטייגער איז ביי וויבער. האָט ער געזוכט און האָט נישט געפונען די אָבגעטער.

36. האָט עס יעקב'ן פערדראָסען, האָט ער זיך געקריגט מיט לבנ'ן, און יעקב האָט געענטפערט און געזאָגט צו לבנ'ן: וואָס איז מיין שולד און וואָס איז מיין זינד, דאָס דו האָסט זיך נאָכגעיאָגט נאָך מיר,

37. דאָס דו האָסט אויסגעטאַפּט מיינע אַלע זאַכען? וואָס דו האָסט געפונען פון דיינע אַלע שטוב-זאַכען, לעג עס אַט דאָ פאַר מיינע ברידער און דיינע ברידער, און זאָלען זיי משפט'ען צווישען אונז ביידען.

38. שוין צוואַנציג יאָהר, ווי איך בין ביי דיר; דיינע לעמער און דיינע ציגען האָבען נישט פערוואָרפען; און די

בּאַראַנעם פֿון דײַנע שאָף האָב איך נישט אױפֿגעגעסען;

39. דו, װאָס חַיּוֹת האָבען צעריסען, האָב איך צו דיר נישט געבראַכט: איך האָב דערפֿאַר געמוזט בעצאָהלען; פֿון מײַן האַנד האָסטו געפֿאָדערט פֿאַר דאָס, װאָס איז גענַבְהָ'ט געװאָרען בײַ־טאָג, און פֿאַר דאָס, װאָס איז גענגבה'ט געװאָרען בײַנאַכט.

40. בײַטאָג בין איך פֿערשמאַכט געװאָרען פֿון דער היץ, און פֿון קעלט – בײַנאַכט, און עס איז פֿערװאָגעלט געװאָרען מײַן שלאָף פֿון מײַנע אױגען.

41. אָט אַזױ האָב איך פֿערבראַכט צװאַנציג יאָהר אין דײַן הױז: פֿירצעהן יאָהר האָב איך דיך געדיענט פֿאַר דײַנע צװײ טעכטער, און זעקס־יאָהר – פֿאַר דײַנע שאָף, און דו האָסט אומ־געביטען מײַן לױהן צעהנדליגער מאָל.

42. װען נישט דער גאָט פֿון מײַן פֿאָטער, דער גאָט פֿון אַבְרָהָם און פֿורכט פֿון יִצְחָק, װאָלט מיר בײַגעשטאַנען, װאָלסטו מיך איצט אַװעקגעשיקט מיט גאָרנישט. נאָר גאָט האָט אײַנגעזעהן מײַן אָרימקײַט און די מיה פֿון מײַנע העַנד, און האָט זיך געכּפֿען פֿאַר מיר אָנגענומען.

43. האָט לבן געענטפֿערט און געזאָגט צו יעקב'ן: די טעכטער זענען מײַנע טעכטער, און די זיהן זענען מײַנע זיהן, און די שאָף זענען מײַנע שאָף, און אַלץ, װאָס דו זעהסט, איז מײַנס. הײַנט װאָס קאָן איך איצט טהון די דאָזיגע טעכטער מײַנע, אָדער זײערע קינדער, װאָס זײ האָבען געבאָרען?

44. און איצט לאָ'מיר שליעסען אַ בונד, איך און דו, און זאָל דאָס זײַן אַ עֵדוּת צװישען מיר און צװישען דיר.

45. האָט יעקב גענומען אַ שטײן און האָט איהם אױפֿגע־שטעלט פֿאַר אַ דענקמאַל.

46. און יעקב האָט געזאָגט צו זײַנע ברידער: קלײַבט אױף שטײנער. האָבען זײ גענומען שטײנער און געמאַכט אַ בערגעל און האָבען געגעסען דאָרט אױפֿ'ן בערגעל.

47. און לבן האָט עס אָנגערופען: יְגַר־שָׂהֲדוּתָא, און יעקב האָט עס אָנגערופען: גַּלְעֵד.

48. און לבן האָט געזאָגט: דאָס דאָזיגע בערגעל איז אַ עֵדוּת היינט צווישען מיר און צווישען דיר; דעריבער האָט ער אָנגערופען זיין נאָמען: גַּלְעֵד,

49. און אויך: מִצְפָּה, דען ער האָט געזאָגט: זאָל גאָט פון דאַנען קוקען צווישען מיר און צווישען דיר, ווען מיר וועלען פערשוואונדען ווערען איינער פון צווייטען.

50. אויב דו וועסט פייניגען מיינע טעכטער און אויב דו וועסט נעהמען אַנדערע ווייבער אויסער מיינע טעכטער, איז חאָטש מיט אונז איז נישטאָ קיין אַנדער מענש, דאָך זעה, דאָס גאָט איז אַ עֵדוּת צווישען מיר און צווישען דיר.

51. און לבן האָט געזאָגט צו יעקב'ן: אָט איז דאָס דאָזיגע בערגעל און אָט איז דער דענקמאַל, וואָס איך האָב אויפגעשטעלט צווישען מיר און צווישען דיר.

52. אַ עֵדוּת איז דאָס דאָזיגע בערגעל, און אַ עֵדוּת איז דער דענקמאַל, דאָס איך וועל נישט אַריבערגעהן צו דיר איבער דאָס דאָזיגע בערגעל, און דו וועסט נישט אַריבערגעהן צו מיר איבער דאָס דאָזיגע בערגעל און איבער דעם דאָזיגען דענקמאַל, שלעכטס צו טהון.

53. דער גאָט פון אברהם און דער גאָט פון נחור, דער גאָט פון זייער פאָטער זאָל משפּטען צווישען אונז. און יעקב האָט געשוואָרען אין דער פורכט פון זיין פאָטער יִצְחָק.

54. און יעקב האָט געשאָכטען אַ קָרְבָּן אויפ'ן באַרג, און ער האָט גערופען זיינע ברידער צו עסען ברויט, און זיי האָבען געגעסען ברויט און האָבען גענעכטיגט אויפ'ן באַרג.

## קאַפּיטעל 32.

1. און לבן איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און האָט געקושט זיינע זיהן און טעכטער און האָט זיי געבענשט און ער איז אוועקגעגאַנגען. און לבן האָט צוריקגעקעהרט צו זיין אָרט.

2. און יעקב איז געגאַנגען זיין וועג, און עס האָבען איהם בעגעגענט מלְאָכִים פון גאָט.

3. האָט יעקב געזאָגט, ווי ער האָט זיי געזעהן: דאָס איז גאָטס מַחֲנֶה. און ער האָט אָנגערופען דעם נאָמען פון יענעם אָרט: מַחֲנַיִם.

## אכטע סֶדְרָה: וַיִּשְׁלַח.

4. און יעקב האָט געשיקט פאָראויס שְׁלוּחִים צו זיין ברודער עֵשָׂו אין לאַנד שֵׂעִיר, אין פעלד אֱדוֹם.

5. און ער האָט זיי אַזוי אָנגעזאָגט: אַזוי זאָלט איהר זאָגען צו מיין הערן צו עֵשׂו'ן: אַזוי האָט געזאָגט דיין קנעכט יעקב: ביי לבנ'ן האָב איך געוואָהנט און האָב מיך פערזאַמט ביז איצט,

6. און איך האָב אָקסען און אֵזלען, שאָף און קנעכט און דינסטען; האָב איך געשיקט דאָס צו זאָגען צו מיין הערר'ן, צו געפינען לִיבּעליבקייט אין דיינע אויגען.

7. זענען די שְׁלוּחִים צוריקגעקומען צו יעקב'ן און האָבען אַזוי געזאָגט: מיר זענען געקומען צו דיין ברודער עשו'ן, און ער געהט דיר אַקעגען, און מיט איהם זענען פיער הונדערט מאַן.

8. האָט יעקב זעהר מורא געהאַט און עס האָט איהם באַנג געטהון; האָט ער צעטיילט דאָס פאָלק, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך, און די שאָף און די רינדער און די קעמלען אויף צוויי מַחֲנוֹת,

9. און האָט געזאָגט: אויב עשו וועט קומען צו איין מחנה און וועט זי שלאָגען, וועט די איבעריגע מחנה אַנטרונען ווערען.

10. און יעקב האָט געזאָגט: גאָט פון מיין פאָטער אברהם און גאָט פון מיין פאָטער יִצחק, דער גאָט, וואָס זאָגט צו מיר: קעהר צוריק אין דיין לאַנד און אין דיין געבורטס-אָרט, און איך וועל דיר גוטס טהון;

11. איך בין נישט ווערט די גאַנצע גנאָד און די גאַנצע

טרײַהײַט, וואָס דו האָסט געטהון מיט דײַן קנעכט, דען מיט מײַן שטעקען בין איך אַריבערגעגאַנגען דעם דאָזיגען יַרְדֵן, און איצט האָב איך צוויי מַחֲנוֹת.

12. רעטע מיך פון מײַן ברודער'ס האַנד, פון עֵשָׂו'ס האַנד, דען איך האָב מורא פאַר איהם, טאָמער קומט ער און שלאָגט מיך, די מוטער צוזאַמען מיט די קינדער.

13. און דו האָסט דאָך געזאָגט: איך וועל דיר גוטס טהון, און וועל מאַכען דײַנע קינדער אַזוי ווי דער זאַמד בײַ'ם יַם, וואָס איז אַזוי פיעל, אַז מען קאָן דאָס נישט צעהלען.

14. און ער האָט דאָרט גענעכטיגט יענע נאַכט. און ער האָט גענומען פון דיַנָם, וואָס ער האָט געהאַט אונטער דער האַנד, אַ מַתָּנָה פאַר זײַן ברודער עֵשָׂו:

15. צוויי הונדערט ציעגען און צוואַנציג בעק, צוויי הונדערט לעמער און צוואַנציג באַראַנעס,

16. דרײַסיג זייגענדע קעמלען און זייערע קינדער, פיערציג קיה, און צעהן אָקסען, צוואַנציג עזלינען און צעהן קליינע עזעלעך.

17. און ער האָט דאָס געגעבען אין די העגד פון זײַנע קנעכט, יעדע סטאַדע בעזונדער, און ער האָט געזאָגט צו זײַנע קנעכט: געהט פאַר מיר פאָרויס, און איהר זאָלט מאַכען אַ צווישענשייד צווישען איין סטאַדע און דער אַנדערער.

18. און ער האָט דעם ערשטען אַזוי אָנגעזאָגט: ווען עס וועט דיך טרעפען מײַן ברודער עֵשָׂו און וועט דיך אַזוי פרעגען: וועמעס ביזטו און וואוהין געהסטו און וועמעס איז דאָס, וואָס דו האָסט פאַר דיר? —

19. זאָלסטו זאָגען: דאָס איז דײַן קנעכטס יעקב'ס, געשיקט אַ מתנה פאַר מײַן הערר עֵשָׂו, און ער אַליין געהט אויך הינטער אונז.

20. און ער האָט אָנגעזאָגט אויך דעם צווייטען, אויך דעם דריטען, אויך די אַלֶע, וואָס זענען געגאַנגען נאָך די סטאַדעס, און האָט זיי געהייסען: אַזוי זאָלט איהר זאָגען צו עֵשָׂו'ן, ווען איהר וועט איהם אָנטרעפען.

21. אוּן'אִיהר זָאלט זָאגֶען: אִיךְ דֵיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב גֶעהְט הִינְ־טֶער אוּנז. דֶען עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט: אִיךְ וֶועל אִיהם אִיבֶּערְבֶּעטֶען מִיט דֶער מַתָּנָה, וָואס גֶעהְט פַאר מִיר, אוּן דֶערְנָאךְ וֶועל אִיךְ זֶעהְן זַיין אַנְגֶעזִיכְט, פִילֵייכְט וֶועט עֶר מִיךְ גוּט אָנְנֶעהְמֶען.

22. אִיז דִי מַתָּנָה פָארְאִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פַאר אִיהם, אוּן עֶר הָאט יֶענֶע נַאכְט גֶענֶעכְטִיגְט אִין דֶער מַחֲנֶה.

23. אוּן עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען בַּיי נַאכְט אוּן הָאט גֶענוּמֶען זַיינֶע צְוֵוייא וַוייבֶּער אוּן זַיינֶע צְוֵוייא דִינְסְטֶען אוּן זַיינֶע עֶלְף קִינְדֶער אוּן אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם אִיבֶּערְגַאנְג יַבּוֹק;

24. אוּן עֶר הָאט זִיא גֶענוּמֶען אוּן זִיא אַרִיבֶּערְגֶעפִיהרְט דֶעם טַייךְ אוּן הָאט אַרִיבֶּערְגֶעפִיהרְט אַלְץ, וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט.

25. אִיז יַעֲקֹב גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין. הָאט זִיךְ אַ מַאן מִיט אִיהם גֶעשְׁרַאנְגֶעלְט בִּיז דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען.

26. הָאט עֶר גֶעזֶעהְן, דָאס עֶר קָען אִיהם נִישְׁט בַּיקוּמֶען, הָאט עֶר אָנְגֶערִיהרְט אָן דֶעם גְלִיעֶד פוּן זַיין זַייט, אוּן עֶס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלֶענְקְט דָאס גְלִיעֶד פוּן יַעֲקֹב'ס זַייט, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁרַאנְגֶעלְט מִיט אִיהם.

27. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט: לָאז מִיךְ אָב, דֶען דֶער מָארְגֶענְ־שְׁטֶערְן אִיז שׁוֹין אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען; הָאט יַעֲקֹב גֶעזָאגְט: אִיךְ וֶועל דִיךְ נִישְׁט אָבְּלָאזֶען, בִּיז דוּא וֶועסְט מִיךְ בֶּענְשֶׁען.

28. הָאט עֶר צוּא אִיהם גֶעזָאגְט: וִוי אִיז דֵיין נָאמֶען? הָאט עֶר גֶעזָאגְט: יַעֲקֹב.

29. הָאט עֶר גֶעזָאגְט: דֵיין נָאמֶען זָאל שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט זַיין יַעֲקֹב, נָאר יִשְׂרָאֵל, דֶען דוּא הָאסְט גֶעקֶעמְפְּפְט מִיט גָאט אוּן מִיט מֶענְשֶׁען אוּן דוּא הָאסְט זֵיי בַּיגֶעקוּמֶען.

30. הָאט יַעֲקֹב גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט: זָאג דֵיין נָאמֶען. הָאט עֶר גֶעזָאגְט: צוּא וָואס פְרֶעגְסְטוּ וֶועגֶען מֵיין נָאמֶען? אוּן עֶר הָאט אִיהם דָארְט גֶעבֶּענְשְׁט.

31. הָאט יַעֲקֹב אָנְגֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן אָרְט: פְּנִיאֵל,

דען איך האָב געזעהן גאָט אַנגעזיכט אין אַנגעזיכט, און מײַן זעלע איז גערעטעט געוואָרען.

32. און עס האָט איהם אויפֿגעשײַנט די זון, ווען ער איז פֿערבײַגעגאַנגען פּנואל, און ער האָט געהינקט אויף זײַן זײַט.

33. דעריבער עסען נישט די קינדער פֿון ישׂראל דעם שפּאַנ־אָדער אויפֿ'ן גליעד פֿון זײַט ביז היינטיגען טאָג, דען ער האָט אָנגערירט אין גליעד פֿון יעקב'ס זײַט אין שפּאַנ־אָדער.

## קאַפּיטעל 33.

1. און יעקב האָט אויפֿגעהויבען זײַנע אויגען און האָט געזעהן, ווי עשו קומט אָן, און מיט איהם זענען פֿיער הונדערט מאַן, האָט ער צעטהיילט די קינדער צווישען לאה'ן און רחל'ן און די צוויי דיענסטען.

2. און ער האָט געשטעלט די דיענסטען און זייערע קינדער צו'ם ערשטען, און לאה'ן און איהרע קינדער נאָך זיי, און רחל'ן מיט יוסף'ן צום לעצטען.

3. און ער איז געגאַנגען פֿאָרויס פֿאַר זיי און האָט זיך געבוקט צו דער ערד זיעבען מאָל, ביז ער איז צוגעקומען צו זײַן ברודער.

4. איז עשו געלאָפֿען איהם אַ קעגען און האָט איהם געהאַלזט, און איז געפֿאַלען אויף זײַן האַלז און האָט איהם געקושט, און זיי האָבען געוויינט.

5. און עשו האָט אויפֿגעהויבען זײַנע אויגען און האָט געזעהן די ווײַבער און די קינדער, האָט ער געזאָגט: ווער זענען די דאָזיגע בײַ דיר? האָט ער געזאָגט: די קינדער, וואָס גאָט האָט געשענקט דײַן קנעכט.

6. זענען צוגעגאַנגען די דיענסטען, זיי און זייערע קינדער און האָבען זיך געבוקט.

7. און לאה און איהרע קינדער זענען אויך צוגעגאַנגען און

הָאבְּעְן זִיךְ גֶעבּוּקט, אוּן דֶערְנָאךְ אִיז צוּגֶעגַאנגֶען יוֹסֵף אוּן רחל אוּן הָאבְּעְן זִיךְ גֶעבּוּקט.

8. הָאט עֶר גֶעזָאגְט: ווער אִיז דָאס בַּיַ דִיר דִי גַאנְצֶע מַתָּנָה, וואָס אִיךְ הָאבּ בֶּעגֶעגֶענְט? הָאט (יעקב) גֶעזָאגְט: אוּם צוּ גֶעפִינֶען לִיבּטזֶעלִיגְקַייט אִין דִי אוֹיגֶען פוּן מַיין הֶערְרְן.

9. הָאט עֵשָׂו גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ פִיעל, מַיין בְּרוּדֶער, הַאלְט דִיר דָאס, וואָס דוּ הָאסְט.

10. הָאט יעקב גֶעזָאגְט: נַיין דָאךְ, אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען לִיבּטזֶעלִיגְקַייט אִין דַיינֶע אוֹיגֶען, זָאלְסְטוּ נֶעהמֶען מַיין מַתָּנָה פוּן מַיין הַאנְד, דֶען דֶערְפַאר הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהְן דַיין אַנְגֶעזִיכְט, ווִי מֶען זֶעהְט דָאס אַנְגֶעזִיכְט פוּן גָאט, אוּן דוּ בִּיזְט גֶעווֶען גוּט צוּ מִיר.

11. נֶעהם מַיין מתנה, וואָס אִיז דִיר גֶעבְּרַאכְט גֶעווָארֶען, דֶען גָאט הָאט מִיךְ בֶּעשֶׁענְקְט, אוּן אִיךְ הָאבּ אַלֶעס. אוּן עֶר הָאט אִיהם שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען, הָאט עֶר גֶענוּמֶען.

12. הָאט (עֵשָׂו) גֶעזָאגְט: לָאמִיר ווַייטֶער צִיהֶען אוּן גֵעהְן, אוּן אִיךְ ווֶעל גֵעהְן פַאר דִיר.

13. הָאט (יעקב) צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: מַיין הֶערְר ווֵייס, דָאס דִי קִינְדֶער זֶענֶען יוּנְג, אוּן דִי שָׁאף אוּן דִי רִינְדֶער זֶענֶען בַּיַ מִיר זוֹיגֶענְדִיגֶע, אוּן אוֹיבּ מֶען ווֶעט זֵיי אֵיין טָאג צוּפִיעל טְרַייבֶּען, ווֶעט דָאס גַאנְצֶע שָׁאף אוֹיסְשְׁטַארְבֶּען.

14. זָאל מַיין הֶערְר דֶערִיבֶּער פָארוֹיסְגֵעהְן פַאר זַיין קְנֶעכְט, אוּן אִיךְ ווֶעל מִיךְ פִיהְרֶען פַאמֶעלֶעךְ, לוֹיט דִי פִיהֶע, וואָס פַאר מִיר ווֶעט גֵעהְן, אוּן לוֹיט דִי קִינְדֶער ווֶעלֶען גֵעהְן, בִּיז אִיךְ ווֶעל קוּמֶען צוּ מַיין הֶערְר קַיין שֵׂעִיר

15. הָאט עֵשָׂו גֶעזָאגְט: לָאמִיךְ בַּיַ דִיר אִיבֶּערְלָאזֶען אֵיינִיגֶע פוּן פָאלְק, וואָס מִיט מִיר. הָאט עֶר גֶעזָאגְט: צוּ ווָאס? לָאמִיךְ נָאר גֶעפִינֶען לִיבּטזֶעלִיגְקַייט אִין דִי אוֹיגֶען פוּן מַיין קְנֶעכְט.

16 אוּן עֵשָׂו הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט יֶענֶעם טָאג אִין זַיין ווֶעג קַיין שֵׂעִיר.

17. אוּן יעקב הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען קַיין סֻכּוֹת, אוּן הָאט זִיךְ

גֶעבּויט אַ הויז. און פַאר זײַנֶע פִיה האָט עֶר גֶעמאַכט בּײַדלעֶך (סוכּות), דעֶריִבּעֶר האָט עֶר אָנגעֶרופֶען דעֶם נאָמעֶן פוּן אָרט סֻכּוֹת.

18. און יעקב איז גֶעקוּמעֶן אין פְרִידעֶן אין דעֶר שטאָדט שְׁכֶם, וואָס אין לאַנד כְּנַעַן, נאָכדעֶם ווי עֶר איז גֶעקוּמעֶן פוּן פַּדַּן אֲרָם. און עֶר האָט אויסגעֶשפּרײט זײַן לאַגעֶר פַאר דעֶר שטאָדט.

19. און עֶר האָט גֶעקויפט אַ טײל פוּן דעֶם פֶעלד, וואו עֶר האָט דאָרט אויסגעֶשפּרײט זײַן גֶעצעֶלט, פוּן די זיהן פוּן חֲמוֹר, דעֶר פאָטעֶר פוּן שְׁכֶם, פאַר הונדעֶרט קְשִׂיטוֹת.

20. און עֶר האָט דאָרט גֶעשטעֶלט אַ מִזְבֵּחַ און האָט איהם אָנגעֶרופעֶן: גאָט, דעֶר גאָט פוּן יִשְׂרָאֵל.

## קאַפּיטעל 34.

1. און דִינָה, די טאָכטעֶר פוּן לֵאָה, וואָס זי האָט גֶעבּאָרעֶן יעקב'ן, איז אַרויסגעֶגאַנגעֶן, צוּ זעֶהן די טעֶכטעֶר פוּן לאַנד.

2. האָט שְׁכֶם, דעֶר זוהן פוּן חֲמוֹר דעֶר חִוִּי, דעֶר פירשט פוּן לאַנד, זי דעֶרזעֶהעֶן, האָט עֶר זי גֶענוּמעֶן און איז גֶעלעֶגעֶן מיט איהר און האָט זי גֶעפּײַניגט.

3. און עֶס האָט זיך בּעֶהעֶפט זײַן זעֶלעֶ אָן דינה'ן, יעקב'ס טאָכטעֶר, און עֶר האָט ליעב בּעֶקוּמעֶן דאָס מעֶדעֶל, און האָט גֶערעֶדט צו'ם האַרצעֶן פוּן מעֶדעֶל.

4. און שכם האָט אַזוי גֶעזאָגט צוּ זײַן פאָטעֶר חֲמוֹר: נעֶהם מיר דאָס דאָזיגעֶ מעֶדעֶל פאַר אַ ווײַבּ.

5. און יעקב האָט גֶעהעֶרט, אַז עֶר האָט גֶעשעֶנדעֶט זײַן טאָכטעֶר דינה, און זײַנעֶ קינדעֶר זעֶנעֶן גֶעוועֶן מיט די פִיה אין פֶעלד, האָט יעקב גֶעשוויגעֶן, בּיז זיי זעֶנעֶן גֶעקוּמעֶן.

6. און חמור, שכם'ס פאָטעֶר, איז אַרויסגעֶקוּמעֶן צוּ יעקב'ן צוּ רעֶדעֶן מיט איהם.

7. און יעקב'ס זיהן זעֶנעֶן גֶעקוּמעֶן פוּן פֶעלד. ווי זיי האָבּעֶן דעֶרהעֶרט, זעֶנעֶן די מעֶנעֶר אומעֶטיג גֶעוואָרעֶן און עֶס האָט זיי

זעָהר פֿערדראָסעָן, דעָן עָר האָט געָטהוּן אַ שאַנדעָ פֿאַר יִשׂרָאֵל, צוּ שלאָפֿעָן מִיט יעקבֿ'ס טאָכֿטעָר, אוּן אַזוֹי זאָל נִישט געָטהוּן ווערעָן.

8. האָט חמוֹר מִיט זֵיי אַזוֹי געָרעָדט: דִי זעָעלעָ פֿוּן מֵיין זיהן שכם האָט זִיך פֿערגלוּסט צוּ אֵייעָר טאָכֿטעָר. גִיעט זִי אִיהם פֿאַר אַ ווייב.

9. אוּן זֵייט זִיך מִתְחַתֵּן מִיט אוּנז: אֵייעָרעָ טעָכֿטעָר ווערט אִיהר אוּנז געָבעָן, אוּן אוּנזעָרעָ טעָכֿטעָר וועָט אִיהר אֵייך נעָהמעָן.

10. אוּן מִיט אוּנז וועָט אִיהר זִיצעָן, אוּן דאָס לאַנד וועָט זֵיין פֿאַר אֵייך, וואָהנט אוּן האַנדעָלט דאָ אוּן פֿערשאַפֿט זִיך דאָ אייגעָנטוּם.

11. אוּן שכם האָט געָזאָגט צוּ אִיהר פֿאָטעָר אוּן צוּ אִיהרעָ בּרִידעָר: אִיך וויל געָפֿינעָן לֵייטזעָלִיגקֵייט אִין אֵייעָרעָ אויגעָן, אוּן וואָס אִיהר וועָט מִיר זאָגעָן, וועָל אִיך געָבעָן.

12. פֿערלאַנגט פֿוּן מִיר זעָהר פֿיעל גאָב אוּן מַתָּנוֹת, אוּן אִיך וועָל געָבעָן, ווִי אִיהר וועָט מִיר זאָגעָן, אוּן גִיעט מִיר דאָס מעָדעָל פֿאַר אַ ווייב.

13. האָבעָן יעקבֿ'ס זִיהן געָעָנטפֿעָרט שכם'ן אוּן זֵיין פֿאָטעָר חמוֹר'ן אוּן האָבעָן געָרעָדט מִיט פֿאַלשקֵייט, דערפֿאַר, וואָס עָר האָט געָשעָנדעָט זֵייעָר שוועָסטעָר דִינה;

14. אוּן זֵיי האָבעָן געָזאָגט צוּ זֵיי: מִיר קאָנעָן נִישט טהוּן דִי דאָזִיגעָ זאַך, צוּ געָבעָן אוּנזעָר שוועָסטעָר צוּ אַ מאַן, וואָס אִיז נִישט בּעָשנִיטעָן, דעָן דאָס אִיז פֿאַר אוּנז אַ שאַנדעָ;

15. נאָר דאַן ווערעָן מִיר מִיט אֵייך אֵיינשטִימעָן, אויבּ אִיהר וועָט זֵיין ווִי מִיר, אִיהר זאָלט בּעָשנֵיידעָן יעָדעָן זָכָר;

16. דאַן וועלעָן מִיר אֵייך געָבעָן אוּנזעָרעָ טעָכֿטעָר, אוּן אֵייעָרעָ טעָכֿטעָר וועלעָן מִיר אוּנז נעָהמעָן, אוּן מִיר וועלעָן זִיצעָן מִיט אֵייך, אוּן מִיר וועלעָן ווערעָן אֵיין פֿאָלק.

17. אוּן אויבּ אִיהר וועָט אוּנז נִישט פֿאָלגעָן, זִיך צוּבּעָשנֵיידעָן, וועלעָן מִיר נעָהמעָן אוּנזעָר טאָכֿטעָר אוּן מִיר וועלעָן געָהן.

18. זעָנעָן זֵייעָרעָ רעָד געָפֿעָלעָן געָוואָרעָן אִין דִי אויגעָן

פֿון חֲמוֹר און אין די אויגען פֿון שְׁכֶם, חמור'ם זוהן.

19. און דער יונג האָט נישט פֿערזוימט צו טהון די זאַך, דען ער האָט בעגעהרט יעקב'ם טאָכטער; און ער איז געוועזען דער הָשוּב'סטער פֿון דאָס גאַנצע הויז פֿון זיין פֿאָטער.

20. און חמור און זיין זוהן שכם זענען געקומען צו'ם טויער פֿון זייער שטאָדט, און האָבען אַזוי גערעדט צו די מענשען פֿון זייער שטאָדט:

21. די דאָזיגע מענשען זענען פֿריעדליך מיט אונז, זאָלען זיי וואָהנען אין לאַנד און האַנדלען דאָ, און דאָס לאַנד איז זעהר ברייט פֿאַר זיי; זייערע טעכטער וועלען מיר אונז נעהמען פֿאַר ווייבער, און אונזערע טעכטער וועלען מיר זיי געבען.

22. נאָר די מענשען וועלען איינשטימען צו זיצען מיט אונז און צו זיין איין פֿאָלק מיט אונז נאָר דער מיט, וואָס מיר וועלען בעשניידען יעדען זָכָר, אַזוי ווי זיי ווערען בעשניטען.

23. זייער פֿיה און זייער אייגענטום און אַלע זייערע בְּהֵמוֹת זענען דאָך אונזערע, ווי באַלד נאָר מיר וועלען איינשטימען מיט זיי און זיי וועלען וואָהנען מיט אונז.

24. און אַלע, וואָס געהען אַריין און אַרוים דורכ'ן טויער פֿון זיין שטאָדט, האָבען געפֿאָלגט המור'ן און זיין זוהן שכם'ן, און עס זענען בעשניטען געוואָרען אַלע זְכָרִים, אַלע, וואָס געהען אַריין און אַרוים דורכ'ן טויער פֿון זיין שטאָדט.

25. און עס איז געוועזען אין דריטען טאָג, ווען זיי האָט געשמערצט, האָבען גענומען צוויי יעקב'ם זוהן שִׁמְעוֹן און לֵוִי, דִינָה'ם ברידער, יעדער זיין שווערד, און זענען געקומען אויף דער רוהי־נער שטאָדט און האָבען געטוידט יעדען זָכָר.

26. און המור'ן און זיין זוהן שכם'ן האָבען זיי געטוידט מיט'ן שווערד, און האָבען גענומען דינה'ן פֿון שכם'ס הויז און זענען אַוועקגעגאַנגען.

27. יעקב'ם זוהן זענען געקומען אויף די דערשלאָגענע און האָבען בערויבט די שטאָדט, וואו מען האָט געשענדעט זייער שוועסטער.

28. זײַערע שאָף און זײַערע רינדער און זײַערע עזלען און וואָס איז געוועזן אין שטאָדט און וואָס איז געוועזן אין פעלד האָבען זיי צוגענומען.

29. און זײער גאַנץ פערמעגען און זײַערע אַלע קלײנע קינדער און זײַערע ווײַבער האָבען זיי געפאַנגען און אַװעקגערױבט, און אַלץ וואָס איז געוועזן אין די הײַזער.

30. האָט יעקב געזאָגט צו שמעון'ן און צו לֵוִי'ן: איהר האָט מיך בעטריבט, דען איהר האָט מיך פערמיאוסט פאַר די אײַנוואָהנער פון לאַנד, פאַר די כְּנַעֲנִים און פאַר די פְּרִזִּים; און איך בין שטאַרק ווייניג מענשען, און זיי וועלען זיך פערזאַמלען קעגען מיר און מיך דערשלאָגען, און איך וועל פערטיליגט ווערען איך און מײַן הויז.

31. האָבען זיי געזאָגט: צי דען מעג ער מאַכען מיט אונזער שוועסטער אַזוי ווי מיט אַ זוֹנָה

# קאַפּיטעל 35.

1. און גאָט האָט געזאָגט צו יעקב'ן: שטעה אויף און געה אַרויף קײַן בֵּית־אֵל און וואָהן דאָרט און מאַך דאָרט אַ מִזְבֵּחַ פאַר דעם גאָט, וואָס האָט זיך צו דיר בעוויזען, ווען דו ביזט אַנטלאָפען פאַר דײַן ברודער עֵשָׂו'ן.

2. האָט יעקב געזאָגט צו זײַן הויזגעזינד און צו אַלעם, וואָס איז געוועזן מיט איהם: טהוט אָב פון אײַך די פרעמדע געטער, וואָס צווישען אײַך, און ווערט געריינִיגט און בײַט אום אײַערע קליידער.

3. און מיר וועלען אויפשטעהן און מיר וועלען אַרויפגעהן קײַן בית־אֵל, און איך וועל דאָרט מאַכען אַ מזבח פאַר דעם גאָט, וואָס ענטפערט מיר אין דעם טאָג פון מײַן אונגליק און איז געוועזן מיט מיר אין דעם וועג, וואָס איך בין געגאַנגען.

4. האָבען זיי אָבגעגעבען יעקב'ן אַלע פרעמדע געטער, וואָס אין זײַערע הענד, און די אויהרינגלעך, וואָס אין זײַערע אויערען,

און יעקב האָט זיי בעהאַלטען אונטער דעם בוים, וואָס נעבען שכם.

5. און זיי זענען אַרויסגעצויגען. און עס איז געוועזען די פורכט פון גאָט אויף די שטעדט, וואָס אַרום זיי, און זיי האָבען נישט נאָכגעיאָגט נאָך יעקב׳ס זיהן.

6. און יעקב איז געקומען קיין לוז, וואָס אין לאַנד כְּנַעַן, דאָס איז בֵית־אֵל, ער און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס מיט איהם.

7. און ער האָט דאָרט געבויט אַ מזבח און האָט אָנגערופען דאָס אָרט אֵל בית־אֵל, דען דאָרט האָט זיך צו איהם ענטדעקט גאָט, ווען ער איז אַנטלאָפען פאַר זיין ברודער.

8. און עס איז געשטאָרבען דְבוֹרָה, רִבְקָה׳ס אַם, און זי איז בעגראָבען געוואָרען אונטער בית־אֵל, אונטער דעם אייכענבוים, און ער האָט אָנגערופען זיין נאָמען אַלון בָּכוּת.

9. און גאָט האָט זיך נאָך בעוויזען צו יעקב׳ן, ווען ער איז געקומען פון פַּדַן אֲרָם, און האָט איהם געבענשט.

10. און גאָט האָט צו איהם געזאָגט: דיין נאָמען איז יַעֲקב; עס זאָל שוין מעהר נישט אָנגערופען ווערען דיין נאָמען יעקב, נאָר יִשְׂרָאֵל וועט זיין דיין נאָמען. און ער האָט אָנגערופען זיין נאָמען יִשְׂרָאֵל.

11. און גאָט האָט צו איהם געזאָגט: איך בין דער אַלמעכטיגער גאָט. פרוכפער זיך און פערמעהר זיך. אַ פאָלק און אַ מענגע פעלקער זאָל ווערען פון דיר, און קעניגען זאָלען אַרויסגעהן פון דיינע לענדען.

12. און דאָס לאַנד, וואָס איך האָב געגעבען אַבְרָהָם׳ן און יִצְחָק׳ן, וועל איך עס דיר געבען, און דיינע קינדער נאָך דיר וועל איך געבען דאָס לאַנד.

13. און גאָט איז פון איהם אַרויפגעגאַנגען פון דעם אָרט, וואו ער האָט גערעדט מיט איהם.

14. און יעקב האָט געשטעלט אַ דענקמאַל אויף דעם אָרט, וואו ער האָט גערעדט מיט איהם, אַ דענקמאַל פון שטיין, און האָט געגאָסען אויף איהם אַ גיעסונג און האָט איהם בעגאָסען מיט בוימאייל.

15. און יעקב האָט אָנגערופֿען דעם נאָמען פֿון דעם אָרט, וואו גאָט האָט מיט איהם דאָרט גערעדט, בית-אֵל.

16. און זיי זענען אַרויסגעצויגען פֿון בית-אֵל; און עס איז נאָך געוועזען אַ שטרעקע ערד צו קומען קיין אֶפְרָת, האָט רחל גע-באָרען, און עס איז איהר אָנגעקומען שווער.

17. און עס איז געוועזען, ווען זי האָט שווער געבאָרען, האָט די היבאַם צו איהר געזאָגט: האָב ניט מורא, דען אויך דער איז דיר אַ זוהן.

18. און עס איז געוועזען, ווען איהר נשמה איז אויסגעגאַנגען, דען זי איז געשטאָרבען, האָט זי אָנגערופֿען זיין נאָמען: בֶּן-אוֹנִי, און זיין פֿאָטער האָט איהם אָנגערופֿען: בִּנְיָמִין.

19. און רחל איז געשטאָרבען, און זי איז בעגראָבען גע-וואָרען אין דעם וועג קיין אֶפְרָת, דאָס איז בֵּית-לֶחֶם.

20. און יעקב האָט געשטעלט אַ מַצֵּבָה אויף איהר קֶבֶר, דאָס איז די מַצֵּבָה פֿון רָחֵל'ס קֶבֶר ביז היינטיגען טאָג.

21. און יִשְׂרָאֵל האָט געצויגען און האָט פֿערשפּרייט זיין געצעלט אויף יענער זייט פֿון טורם עֵדֶר.

22. און עס איז געוועזען, ווען יִשְׂרָאֵל האָט געוואָהנט אין יענעם לאַנד, איז רְאוּבֵן געגאַנגען און איז געלעגען מיט בִּלְהָה'ן, זיין פֿאָטערס קעבסווייב; האָט דאָס יִשְׂרָאֵל דערהערט.
און עס זענען געוועזען יעקב'ס זיהן צוועלף:

23. לֵאָה'ס זיהן: רְאוּבֵן, יַעקב'ס בְּכוֹר, און שִׁמְעוֹן און לֵוִי און יְהוּדָה און יִשָּׂשכָר און זְבֻלוּן;

24. רָחֵל'ס זִיהְן: יוֹסֵף און בִּנְיָמִין;

25. און די זוהן פֿון בִּלְהָה, רָחֵל'ס דיענסט: דָן און נַפְתָּלִי.

26. און די זוהן פֿון זִלְפָּה, לֵאָה'ס דיענסט: גָד און אָשֵׁר.
די דאָזיגע זענען יעקב'ס זיהן, וואָס זענען איהם געבאָרען געוואָרען אין פַּדַּן אֲרָם.

27. און יעקב איז געקומען צו זיין פֿאָטער יִצחק אין מַמְרֵא, אין

קִרְיַת־אַרְבַּע, דאָס איז חֶבְרוֹן, וואָס דאָרט האָט געוואָהנט אַברהם און יִצחק.

28. און עס איז געוועזען די צייט פון יִצחק'ס לעבען: הונדערט יאָהר און אַכציג יאָהר.

29. און יִצחק איז אויסגעגאַנגען און איז געשטאָרבען און איז צוגעהעפט געוואָרען צו זיין פאָלק, אַלט און זאַט מיט יאָהרען, און עס האָבען איהם בעגראָבען זיינע זיהן עֵשָׂו און יַעֲקֹב.

## קאפיטעל 36.

1. און דאָס איז דאָס געשלעכט פון עֵשָׂו, ער איז אֱדוֹם.

2. עֵשָׂו האָט גענומען זיינע ווייבער פון די טעכטער פון כְּנַעַן: עָדָה'ן, די טאָכטער פון אֵילוֹן דעם חִתִּי, און אָהֳלִיבָמָה'ן, די טאָכטער פון עֲנָה, די טאָכטער פון צִבְעוֹן דעם חִוִּי,

3. און בָּשְׂמַת'ן, די טאָכטער פון יִשְׁמָעֵאל, די שוועסטער פון נְבָיוֹת.

4. און עָדָה האָט עֵשָׂו'ן געבאָרען: אֱלִיפַז'ן, און בָּשְׂמַת האָט געבאָרען: רְעוּאֵל'ן.

5. און אָהֳלִיבָמָה האָט געבאָרען: יְעוּשׁ'ן און יַעְלָם'ן און קֹרַח'ן. די דאָזיגע זענען עֵשָׂו'ס זיהן, וואָס זענען איהם געבאָרען געוואָרען אין לאַנד כְּנַעַן.

6. און עֵשָׂו האָט גענומען זיינע ווייבער און זיינע זיהן און זיינע טעכטער און אַלע פערזאָנען פון זיין הויז און זיין פִיה און זיינע אַלע בְּהֵמוֹת און זיין גאַנצען אייגענטהום, וואָס ער האָט זיך פערשאַפט אין לאַנד כנען, און איז אַוועקגעגאַנגען פון זיין ברודער יעקב אין אַנ'אַנדער לאַנד.

7. דען זייער פערמעגען איז געוועזען צו פיעל, דאָס זיי זאָלען קאָנען וואָהנען צוזאַמען, און דאָס לאַנד, וואו זיי האָבען געוואָהנט, האָט זיי ניט געקאָנט פערטראָגען צוליעב זייערע פִיה.

8. און עֵשָׂו איז געזעסען אין באַרג שֵׂעִיר; עֵשָׂו דאָס איז

9. און דאָס איז דאָס געשלעכט פֿון עֵשָׂו, דער פֿאָטער פֿון אֱדוֹם, אין בּאַרג שֵׂעִיר:

10. דאָס זענען די נעמען פֿון עֵשָׂו'ס זיהן: אֱלִיפַז, דער זוהן פֿון עָדָה, עֵשָׂו'ס ווייב; רְעוּאֵל, דער זוהן פֿון בָּשְׂמַת, עֵשָׂו'ס ווייב.

11. און עס זענען געוועזען די זיהן פֿון אֱלִיפַז: תֵּימָן, אוֹמָר, צְפוֹ און גַּעְתָּם און קְנַז.

12. און תִּמְנַע איז געוועזען אַ קעבּס-ווייב בּיי אֱלִיפַז'ן, עֵשָׂו'ס זוהן, און זי האָט אליפז'ן געבּאָרען: עֲמָלֵק'ן. די דאָזיגע זענען די זיהן פֿון עָדָה, עֵשָׂו'ס ווייב.

13. און דאָס זענען רְעוּאֵל'ס זיהן: נַחַת און זֶרַח, שַׁמָּה און מִזָּה. די דאָזיגע זענען געוועזען די זיהן פֿון בשמת, עֵשָׂו'ס ווייב.

14. און די דאָזיגע זענען געוועזען די זיהן פֿון אָהֳלִיבָמָה, די טאָכטער פֿון צִבְעוֹן, עֵשָׂו'ס ווייב, און זי האָט עֵשָׂו'ן געבּאָרען: יְעוּשׁ'ן און יַעְלָם'ן און קֹרַח'ן.

15. דאָס זענען די פֿירשטען פֿון עֵשָׂו'ס זיהן: די זיהן פֿון אליפז, עֵשָׂו'ס בְּכוֹר: פֿירשט תֵּימָן, פֿירשט אוֹמָר, פֿירשט צְפוֹ, פֿירשט קְנַז,

16. פֿירשט קֹרַח, פֿירשט גַּעְתָּם, פֿירשט עֲמָלֵק. דאָס זענען די פֿירשטען פֿון אליפז און לאַנד אֱדוֹם. דאָס זענען די זיהן פֿון עָדָה.

17. און דאָס זענען די זיהן פֿון רעואל, עֵשָׂו'ס זוהן: פֿירשט נַחַת, פֿירשט זֶרַח, פֿירשט שַׁמָּה, פֿירשט מִזָּה. דאָס זענען די פֿירשטען פֿון רעואל אין לאַנד אדום. דאָס זענען די זיהן פֿון בשמת, עֵשָׂו'ס ווייב.

18. און דאָס זענען די זיהן פֿון אָהֳלִיבָמָה, עֵשָׂו'ס ווייב: פֿירשט יְעוּשׁ, פֿירשט יַעְלָם, פֿירשט קֹרַח. דאָס זענען די פֿירשטען פֿון אָהליבמה, די טאָכטער פֿון עֲנָה, עֵשָׂו'ס ווייב.

19. דאָס זענען עֵשָׂו'ס זיהן און דאָס זענען זייערע פֿירשטען; ער איז אדום.

20. דאָס זענען די זיהן פֿון שֵׂעִיר דעם חוֹרִי, וואָס האָבּען געוואָהנט אין דעם לאַנד: לוֹטָן און שׁוֹבָל און צִבְעוֹן און עֲנָה,

21. און דִשׁוֹן און אֵצֶר און דִישָׁן. דאָס זֶענֶען די פִּירשטֶען פוּן דעֶם חוֹרִי, די זִיהן פוּן שעִיר און לאַנד אדום.

22. און עֶס זֶענֶען געוועֶן די זִיהן פוּן לוֹטָן: חוֹרִי און הֵימָם, און לוֹטנ'ס שוועֶסטעֶר איז געוועֶן תִּמְנָע.

23. און דאָס זֶענֶען די זִיהן פוּן שׁוֹבָל: עַלְוָן און מָנַחַת און עֵיבָל, שְׁפוֹ און אוֹנָם.

24. און דאָס זֶענֶען די זִיהן פוּן צִבְעוֹן: אַיָה און עֲנָה. דאָס איז דעֶר עֲנָה, וואָס האָט געֶפוּנעֶן די ווארעֶמעֶ קוואַלעֶן און דעֶר מִידבּר, ווען עֶר האָט געֶפּאַשעֶט די עֵזלעֶן פוּן זיין פאָטעֶר צִבְעוֹן.

25. און דאָס זֶענֶען די זִיהן פוּן עֲנָה: דִישׁוֹן און אָהֳלִיבָמָה, עֲנָה'ס טאָכטעֶר.

26. און דאָס זֶענֶען די זִיהן פוּן דִישָׁן: חֶמְדָן און אֶשְׁבָּן און יִתְרָן און כְּרָן.

27. דאָס זעֶנעֶן די זִיהן פוּן אֵצֶר: בִּלְהָן און זַעֲוָן און עֲקָן.

28. דאָס זעֶנעֶן די זִיהן פוּן דִישָׁן: עוּץ און אֲרָן.

29. דאָס זעֶנעֶן די פִּירשטעֶן פוּן דעֶם חוֹרִי: פִּירְשט לוֹטָן, פִּירְשט שׁוֹבָל, פִּירְשׁט צִבְעוֹן, פִּירְשט עֲנָה,

30. פִּירְשט דִשׁוֹן, פִּירְשט אֵצֶר, פִּירְשט דִישָׁן. דאָס זֶענֶען די פִּירשטעֶן פוּן דעֶם חוֹרִי, די פִּירשטעֶן און לאַנד שֵׂעִיר.

31. און דאָס זעֶנעֶן די קעֶניגעֶן, וואָס האָבעֶן געקעֶניגט און לאַנד אדום, נאָך איידעֶר עֶס האָט געֶקעֶניגט אַ קעֶניג בּיי די זִיהן פוּן ישראל,

32. און עֶס האָט געֶקעֶניגט און אֱדוֹם בֶּלַע, דעֶר זִיהן פוּן בְּעוֹר, און דעֶר נאָמעֶן פוּן זיין שטאָדט איז געוועֶן: דִנְהָבָה.

33. און בֶלַע איז געֶשטאָרבּעֶן, און אַנשטאָט איהם האָט געֶקעֶניגט יוֹבָב דעֶר זוהן פוּן זֶרַח פוּן בָּצְרָה.

34. און יוֹבָב איז געֶשטאָרבּעֶן, און אַנשטאָט איהם האָט געקעֶניגט חוּשָׁם פוּן לאַנד תֵּימָן.

35. און חוּשם איז געֶשטאָרבּעֶן, און אַנשטאָט איהם האָט געֶקעֶניגט הֲדַד דעֶר זוהן פוּן בְּדַד, וואָס דאָט געֶשלאָגעֶן די מִדְיָנים

און פֿעלד מוֹאָב, און דער נאָמען פֿון זײַן שטאָדט איז געװעזען: עֲוִית.

36. און הֲדַד איז געשטאָרבען, און אַנשטאָט איהם האָט געקעניגט שַׂמְלָה פֿון מַשְׂרֵקָה.

37. און שמלה איז געשטאָרבען, און אַנשטאָט איהם האָט געקעניגט שָׁאוּל פֿון רְחוֹבוֹת בײַ'ם טײַך.

38. און שאול איז געשטאָרבען, און אַנשטאָט איהם האָט געקעניגט בַּעַל חָנָן, דער זוהן פֿון עַכְבּוֹר.

39. און בַּעַל חָנָן, דער זוהן פֿון עַכְבּוֹר, איז געשטאָרבען, און אַנשטאָט איהם האָט געקעניגט הֲדַר, און דער נאָמען פֿון זײַן שטאָדט איז געװעזען: פָּעוּ, און דער נאָמען פֿון זײַן װײַב איז געװעזען: מְהֵיטַבְאֵל, די טאָכטער פֿון מַטְרֵד, די טאָכטער פֿון מֵי זָהָב.

40. און דאָס זענען די נעמען פֿון עֵשׂו'ס פֿירשטען, לויט זײערע פֿאַמיליען, לויט זײערע ערטער, מיט זײערע נעמען: פֿירשט תִּמְנָע, פֿירשט עַלְוָה, פֿירשט יְתֵת.

41. פֿירשט אָהֳלִיבָמָה, פֿירשט אֵלָה, פֿירשט פִּינֹן

42. פֿירשט קְנַז, פֿירשט תֵּימָן, פֿירשט מִבְצָר,

43. פֿירשט מַגְדִּיאֵל, פֿירשט עִירָם. דאָס זענען די פֿירשטען פֿון אֱדוֹם, לויט זײערע װאָהנ-ערטער, אין זײער ערב-לאַנד. עֵשׂו איז דער פֿאָטער פֿון אדום.

## ניינטע סֶדְרָה: וַיֵּשֶׁב.

### קאַפּיטעל 37.

1. און יעקב איז געזעסען אין לאַנד, װאו זײַן פֿאָטער האָט געװאָהנט, אין לאַנד כנען.

2. דאָס איז דאָס געשלעכט פֿון יעקב. יוֹסֵף, װען ער איז אַלט געװעזען זיעבצעהן יאָהר, האָט ער געפּאַשעט מיט זײַנע ברידער די שאָף. און ער איז געװעזען דער יינגסטער צװישען די זיהן פֿון בִּלְהָה און די זיהן פֿון זִלְפָּה, זײַן פֿאָטערס װײַבער. און יוסף

האָט דערצעהלט וועגען זיי שלעכטע רעד פאַר זייער פאָטער.

3. און ישראל האָט ליעב געהאַט יוסף'ן מעהר פון זיינע אַלע זוהן, דען ער איז געוועזען דער זוהן פון זיין עלטער, און ער פלעגט איהם מאַכען אַ לאַנגען זיידענעם מאַנטעל.

4. און ווי זיינע ברידער האָבען געזעהן, דאָס זייער פאָטער האָט איהם מעהר ליעב ווי זיינע אַלע ברידער, האָבען זיי איהם פיינד געהאַט און האָבען נישט געקאָנט רעדען מיט איהם אין פריעדען.

5. און יוסף'ן האָט זיך געחלומט אַ חלום, האָט ער איהם דערצעהלט זיינע ברידער, האָבען זיי איהם נאָך מעהר פיינד געהאַט.

6. און ער האָט געזאָגט צו זיי: הערט אויס דעם דאָזיגען חלום, וואָס מיר האָט זיך געחלומט:

7. ווי מיר בינדען גאַרבען אין פעלד, אין ווי מיין גאַרב האָט זיך אויפגעשטעלט און איז געבליעבען שטעהן, און ווי אייערע גאַרבען האָבען אַרומגערינגעלט און זיך געבוקט צו מיין גאַרב.

8. האָבען די ברידער צו איהם געזאָגט: צי דען וועסטו קעניגען איבער אונז? צי דען וועסטו געוועלטיגען אויף אונז? און זיי האָבען איהם נאָך מעהר פיינד געהאַט צוליעב זיינע חלומות און זיינע רעד.

9. און עס האָט זיך איהם געחלומט נאָך אַן אַנדער חלום, און ער האָט איהם דערצעהלט זיינע ברידער און האָט געזאָגט: אָט האָט זיך מיר געחלומט נאָך אַ חלום, ווי די זון און די לבנה און עלף שטערען בוקען זיך צו מיר.

10. און ער האָט דאָס דערצעהלט זיין פאָטער און זיינע ברידער. האָט זיין פאָטער אויף איהם אָנגעשריען און האָט געזאָגט צו איהם: וואָס איז דאָס פאַר אַ חלום, וואָס דיר האָט זיך געחלומט? צי דען וועלען מיר קומען, איך און דיין מוטער און דיינע ברידער, זיך צו בוקען צו דיר ביז צו דער ערד?

11. און זיינע ברידער האָט עס פערדראָסען, נאָר זיין פאָטער האָט די זאַך גענומען אין זינען.

12. און זײַנע בּרידער זענען געגאַנגען פּאַשען זײער פֿאָטערס שאָף אין שְׁכֶם.

13. האָט ישראֵל געזאָגט צו יוסף'ן: דײַנע בּרידער פּאַשען דאָך אין שכם; קום, װעל איך דיך שיקען צו זײ. האָט ער גע־זאָגט צו איהם: איך בּין בּערײט.

14. האָט ער צו איהם געזאָגט: גײה נאָר זעה, װאָס מאַכען דײַנע בּרידער און װאָס מאַכען די שאָף, און בּרענג מיר אַ ענטפֿער. און ער האָט איהם אַװעקגעשיקט פֿון טאָל חברון, און ער איז גע־קומען קײן שכם.

15. האָט איהם געטראָפֿען אַ מאַן, װי ער בּלאָנדזשעט אין פֿעלד; האָט איהם דער מאַן אַזױ געפֿרעגט: װאָס זוכסטו?

16. האָט ער געזאָגט: מײַנע בּרידער זוך איך; זאָג מיר, איך בּעט דיך, װאו זײ פּאַשען?

17. האָט דער מאַן געזאָגט: זײ האָבּען אָבּגעצױגען פֿון דאַנען, דען איך האָבּ געהערט, װי זײ האָבּען געזאָגט: לאָ'מיר געהן קײן דותן. איז יוסף געגאַנגען נאָך זײַנע בּרידער און האָט זײ געפֿונען אין דותן.

18. האָבּען זײ איהם דערזעהן פֿון דער װײַטען, און נאָך אײדער ער איז צוגעגאַנגען צו זײ, האָבּען זײ אָנגעהױבּען טראַכטען איהם צו טױטען.

19. און זײ האָבּען געזאָגט אײנער צו'ם צװײטען: אָט קומט אָן דער דאָזיגער חלומות־מענש!

20. און איצט קומט און לאָ'מיר איהם טױטען און איהם אַרײַנװאַרפֿען אין אײנעם פֿון די גריבּער, און מיר װעלען זאָגען: אַ בּײזע חַיָה האָט איהם אױפֿגעפֿרעסען, און מיר װעלען זעהן, װאָס װעט װערען פֿון זײַנע חלומות.

21. האָט ראובן געהערט, האָט ער איהם געראַטעװעט פֿון זײערע הענד און האָט געזאָגט: מיר װעלען איהם נישט דערשלאָגען.

22. און ראובן האָט געזאָגט צו זײ: איהר זאָלט נישט פֿאַר־גיסען קײן בּלוט; װאַרפֿט איהם אַרײַן אין דעם דאָזיגען גרוב,

וואָס אין דער ווּסטע, און קײַן האַנד זאָלט איהר אויף איהם נישט אַרויפלעגען. (דאָס האָט ער געדעט), כדי איהם צו רעטען פון זײַערע הענד און איהם צוריקבריינגען צו זײַן פאָטער.

23. און עס איז געווען, ווי יוסף איז אָנגעקומען צו זײַנע ברידער, האָבען זיי אַראָבגעצויגען פון יוסף'ן זײַן מאַנטעל, דעם לאַנגען זײַדענעם מאַנטעל, וואָס אויף איהם,

24. און זיי האָבען איהם גענומען און איהם אַרײַנגעוואָרפען אין גרוב, און דער גרוב איז געווען לעער, קײַן וואַסער איז אין איהם נישט געווען.

25. און זיי האָבען זיך געזעצט עסען ברויט. האָבען זיי אויפגעהויבען זײַערע אויגען און געזעהן, ווי אַ פּאַרטיי ישמעאלים קומט אָן פון גלעד, און זײַערע קעמלען טראָגען געווירצען און באַלזאַם און ווײַהראַך; זיי געהען אַראָבצופיהרען אין מצרים.

26. האָט יהודה געזאָגט צו זײַנע ברידער: וואָס פאַר אַ נוצען וועט זײַן, אויב מיר וועלען טויטען אונזער ברודער און מיר וועלען פערבאָרגען זײַן בלוט?

27. קומט און לאָ'מיר איהם פערקויפען צו די ישמעאלים, און אונזער האַנד זאָל איהם נישט אָנריהרען, דען ער איז אונזער ברודער, אונזער פלייש. האָבען זײַנע ברידער געפאָלגט.

28. און ווען עס זענען פאַריבערגעגאַנגען מענשען סוחרים פון מדין, האָבען זיי אַרויסגעצויגען יוסף'ן פון גרוב, און האָבען פערקויפט יוסף'ן צו די ישמעאלים פאַר צוואַנציג זילבער-מטבעות, און זיי האָבען געבראַכט יוסף'ן קײַן מצרים.

29. און ראובן האָט צוריקגעקעהרט צו'ם גרוב, און אָט איז יוסף נישטאָ אין גרוב; האָט ער צעריסען זײַנע קליידער;

30. און ער האָט צוריקגעקעהרט צו זײַנע ברידער און האָט געזאָגט: דאָס קינד איז נישטאָ, און וואו וועל איך איצט הינקומען?

31. האָבען זיי גענומען יוסף'ס מאַנטעל און האָבען געשאָכטען אַ ציגען-באָק און האָבען אײַנגעטונקט דעם מאַנטעל אין בלוט.

32. און האָבען געשיקט דעם לאַנגען זײַדענעם מאַנטעל

און הָאבּעֶן אִיהם גֶעבּראַכְט צוּ זַייעֶר פָאטעֶר און הָאבּעֶן געֶזָאגט: דָאס הָאבּעֶן מִיר געֶפוּנעֶן; דעֶרקעֶן, צִי אִיז דָאס דֵיין זוּהנס מאַנטעֶל, אָדעֶר נַיין?

33. הָאט עֶר אִיהם דעֶרקעֶנט און הָאט געֶזָאגט: דָאס אִיז מַיין זוּהנס מאַנטעֶל; אַ בֵּייזעֶ חַיָה הָאט אִיהם אוֹיפגעֶפרעֶסעֶן; צעֶרִיסעֶן אִיז יוֹסֵף געֶוואָרעֶן.

34. און יעקב הָאט צעֶרִיסעֶן זַיינעֶ קלַיידעֶר און הָאט אַרוֹיפגעֶלֶעגט אַ זאַק אַרוּם זַיינעֶ לֶענדעֶן און הָאט געֶטרוֹיעֶרט אוֹיף זַיין זוּהן פִיעל טעֶג.

35. און עֶס זעֶנעֶן אוֹיפגעֶשטאַנעֶן זַיינעֶ אַלעֶ זִיהן און זַיינעֶ אַלעֶ טעֶכטעֶר אִיהם צוּ טרַייסטעֶן, הָאט עֶר נִישט געֶוואָלט זִיךְ טרַייסטעֶן, און עֶר הָאט געֶזָאגט: אִיךְ וועֶל פעֶרטרוֹיעֶרט אַראָבּגִיעֶהן צוּ מַיין זוּהן אִין גרוּבּ. און זַיין פָאטעֶר הָאט אִיהם בּעֶוויינט.

36. און דִי מְדָנִים הָאבּעֶן (יוֹסֵף'ן) פעֶרקוֹיפט אִין מִצְרַיִם פּוֹטִיפַר'ן, פַּרְעֹה'ס הוֹיפמאַן, דעֶם הוֹיפטמאַן פוּן זַיין לַייבּוואַכעֶ.

## קאפיטעל 38.

1. און עֶס אִיז געֶוועֶן אִין יענעֶר צַייט, הָאט יְהוּדָה אַראָבּגעֶגִיעדעֶרט פוּן זַיינעֶ בּרִידעֶר און אִיז דעֶרגאַנגעֶן בִּיז צוּ אַ מאַן פוּן עֲדוּלָם, וואָס זַיין נאָמעֶן אִיז געֶוועֶן חִירָה.

2. און יְהוּדָה הָאט דָארט געֶזעֶהן דִי טאָכטעֶר פוּן אֵיינעֶם אַ כְּנַעֲנִי, וואָס זַיין נאָמעֶן אִיז געֶוועֶן שׁוּעַ, הָאט עֶר זִי געֶנוּמעֶן און אִיז געֶקוּמעֶן צוּ אִיהר.

3. אִיז זִי שוואַנגעֶר געֶוואָרעֶן און הָאט געֶבּאָרעֶן אַ זוּהן, הָאט עֶר אָנגעֶרוּפעֶן זַיין נאָמעֶן: עֵר.

4. און זִי אִיז ווִידעֶר שוואַנגעֶר געֶוואָרעֶן און הָאט געֶבּאָרעֶן אַ זוּהן און הָאט אָנגעֶרוּפעֶן זַיין נאָמעֶן: אוֹנָן.

5. און זִי הָאט ווִידעֶר געֶבּאָרעֶן אַ זוּהן און הָאט אָנגעֶרוּפעֶן זַיין נאָמעֶן: שֵׁלָה. און (יְהוּדָה) אִיז געֶוועֶן אִין כְּזִיב, ווען זִי הָאט אִיהם געֶבּאָרעֶן.

6. און יהודה האָט גענומען אַ ווייב פֿאַר זיין עלטסטען זוהן ער, און איהר נאָמען איז געוועזען: תָּמָר.

7. און ער, יהודה'ס עלטסטער זוהן, איז געוועזען שלעכט אין די אויגען פֿון גאָט, האָט איהם גאָט געטויט.

8. האָט יהודה געזאָגט צו אוֹנָן: קום צו דיין ברודערס ווייב, און זיי זי מְיַבֵּם (נעהם זי פֿאַר אַ ווייב) און שטעל אויף אַ זאָמען פֿאַר דיין ברודער.

9. און אונן האָט געוואוסט, אַז ניש פֿאַר איהם וועט זיין דער זאָמען, און דערייבער, ווען ער פֿלעגט קומען צו זיין ברודערס ווייב, האָט ער (דעם זאָמען) פֿערדאָרבען אויף דער ערד, כדי נישט צו געבען קיין זאָמען פֿאַר זיין ברודער.

10. און עס איז געוועזען שלעכט אין די אויגען פֿון גאָט דאָס, וואָס ער האָט געטהון, און ער האָט איהם אויך געטויט.

11. האָט יהודה געזאָגט צו זיין שנור תָּמָר: זיץ אַלס אַלְמָנָה אין דיין פֿאָטערס הויז, ביז עס וועט אויפֿוואַקסען מיין זוהן שֵׁלָה; דען ער האָט געטראַכט: טאָמער וועט ער אויך שטאַרבען ווי זיינע ברידער. און תמר איז געגאַנגען און האָט געוואָהנט אין איהר פֿאָטערס הויז.

12. און עס זענען פֿאַריבערגעגאַנגען פֿיעל טעג, און שׁוּע'ס טאָכטער, יהודה'ס ווייב, איז געשטאָרבען. און יהודה האָט זיך געטרייסט און איז אַרויפֿגעגאַנגען קיין תִּמְנָת צו די שערער פֿון זיינע שאָף, ער און זיין פֿריינד חִירָה פֿון עֲדוּלָם.

13. און תמר'ן האָט מען אַזוי אָנגעזאָגט: אָט געהט דיין שווער אַרויף קיין תִּמְנָת, צו שערען זיינע שאָף.

14. האָט זי אַראָבגענומען פֿון זיך איהרע אַלמנה-קליידער, און האָט זיך פֿערדעקט מיט אַ שלייער און זיך איינגעהילט, און האָט זיך געזעצט ביי'ם טויער פֿון עֵינַיִם, וואָס אויפ'ן וועג קיין תִּמְנָת, דען זי האָט געזעהן, דאָס שלה איז שוין אויפֿגעוואַקסען און זי איז איהם נישט געגעבען געוואָרען פֿאַר אַ ווייב.

15. האָט זי יהודה געזעהן און האָט זי געהאַלטען פֿאַר אַ זוֹנָה. דען זי האָט פֿערדעקט איהר געזיכט.

16. האָט ער אָבגעטרעטען פֿון וועג צו איהר און האָט גע־זאָגט: חַיַּי, לאָ'מיך קומען צו דיר, — דען ער האָט ניט געוואוסט, דאָס זי איז זיין שנור. האָט זי געזאָגט: וואָס וועסטו מיר געבען דערפֿאַר, וואָס דו וועסט קומען צו מיר?

17. האָט ער געזאָגט: איך וועל דיר שיקען אַ ציגעל פֿון די שאָף. האָט זי געזאָגט: אויב דו וועסט געבען אַ מַשְׁכּוֹן ביז דו וועסט שיקען.

18. האָט ער געזאָגט: וואָס איז דער משכון, וואָס איך זאָל דיר געבען? האָט זי געזאָגט: דיין שטעמפעל און דיין שנירעל און דיין שטעקען, וואָס דו האָסט אין האַנד. האָט ער איהר דאָס געגעבען און איז געקומען צו איהר און זי איז שוואַנגער געוואָרען פֿון איהם.

19. און זי איז אויפֿגעשטאַנען און איז אַוועקגעגאַנגען, און האָט אַראָבגענומען פֿון זיך דעם שלייער און האָט אָנגעקלייד'ט איהרע אַלמנה־קליידער.

20. און יהודה האָט געשיקט די ציגעל דורך זיין פֿריינד פֿון עֲדוּלָּם, ער זאָל נעהמען דעם משכון פֿון דער האַנד פֿון דער פֿרוי, נאָר ער האָט זי ניט געפֿונען.

21. האָט ער געפֿרעגט די מענשען פֿון דעם אָרט: וואו איז די זוֹנָה, וואָס געווען עֵינַיִם אויפֿ'ן וועג? האָבען זיי געזאָגט: דאָ איז ניט געוועזען קיין זונה.

22. האָט ער צוריקגעקעהרט צו יהודה'ן און האָט געזאָגט: איך האָב זי ניט געפֿונען, און אויך די מענשען פֿון אָרט האָבען געזאָגט: דאָ איז ניט געוועזען קיין זונה.

23. האָט יהודה געזאָגט: זאָל זי דאָס נעהמען, אום מיר זאָלען ניט ווערען צו שאַנד; אָט האָב איך איהר געשיקט די דאָזיגע ציגעל און דו האָסט זי ניט געפֿונען.

24. און עס איז געווען אין דריי מאָנאַטען אַרום, האָט מען

יהודה'ן אַזוֹי אָנגעזאָגט: דיין שנור תָּמָר האָט מְזַנֶה געוועזען און זי איז אויך שוואַנגער פון זנות. האָט יהודה געזאָגט: פיהרט זי אַרויס און זאָל זי פערברענט ווערען.

25. ווי זי איז אַרויסגעפיהרט געוואָרען האָט זי געשיקט צו איהר שווער אַזוֹי צו זאָגען: פון דעם מענשען, וואָס דאָס געהער צו איהם, בין איך שוואַנגער. און זי האָט געזאָגט: דערקען, וועמענס איז די דאָזיגע שטעמפעל, שנירעל און שטעקען?

26. האָט יהודה דערקענט און האָט געזאָגט: זי איז גע־רעכטער ווי איך, דערפאַר, וואָס איך האָב זי נישט געגעבען מיין זוהן שלה. און ער האָט זי שוין מעהר נישט דערקענט.

27. און עס איז געוועזען אין דער צייט, ווען זי האָט גע־באָרען, און אָט איז געוועזען אַ צווילינג אין איהר בויך.

28. און עס איז געוועזען, ווען זי האָט געבאָרען, האָט (איינער) אַרויסגעשטעקט אַ האַנד. האָט די היבאַם גענומען און האָט אָנגעבונדען אויף זיין האַנד אַ רויטען פאָדעם, זאָגענדיג: דער איז אַרויס צו'ם ערשטען.

29. און עס איז געוועזען, ווען ער האָט צוריקגעצויגען די האַנד, איז אַרויסגעקומען זיין ברודער. האָט זי געזאָגט: וואָס האָבסטו אום דיינעטוויללען אַזאַ ריס געריסען? — און מען האָט אָנגע־רופען זיין נאָמען: פֶּרֶץ.

30. און דערנאָך איז אַרויסגעקומען זיין ברודער, וואָס אויף זיין האַנד איז געוועזען דער רויטער פאָדעם, און מען האָט אָנגע־רופען זיין נאָמען: זָרַח.

## קאַפּיטעל 39.

1. און יוסף איז אַראָבגעבראַכט געוואָרען קיין מִצְרַיִם, און פּוֹטִיפַר, פַּרְעֹה'ס היפּטמאַן, דער הויפּטמאַן פון דער לייבוואַכע, אַ מִצְרִי, האָט איהם אָבגעקױפט פון די יִשְׁמְעֵאלים, וואָס האָבען איהם אַהין אַראָבגעבראַכט.

2. און גאָט איז געווען מיט יוסף'ן, און ער האָט בעגליקט און האָט געוואָהנט אין הויז פֿון זיין הערן דעם מִצְרִי.

3. און זיין הערר האָט געזעהן, דאָס גאָט איז מיט איהם, און דאָס אַלץ, וואָס ער טהוט, מאַכט גאָט בעגליקען אין זיינע הענד,

4. האָט יוסף געפֿונען ליעבליכקייט אין זיינע אויגען און ער האָט איהם בעדיענט. און (זיין הערר) האָט איהם אויפֿגעזעצט איבער זיין הויז, און אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער איבער־געגעבען אין זיין האַנד.

5. און עס איז געווען פֿון זינט ער האָט איהם אויפֿגעזעצט איבער זיין הויז און איבער אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, האָט גאָט געבענשט דעם מִצְרִי'ס הויז צוליעב יוסף'ן, און עס איז געווען גאָטס בְּרָכָה אין אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט אין הויז און אין פֿעלד.

6. און ער האָט איבערגעלאָזט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, אין יוסף'ס הענד, און ער האָט פֿון קיין זאַך נישט געוואוסט, אויסער דעם ברויט, וואָס ער האָט געגעסען. און יוסף איז געווען שֵׁין פֿון געשטאַלט און שֵׁין פֿון אויסזעהן.

7. און עס איז געווען נאָך דער דאָזיגער געשיכטע, האָט זיין הערנס ווייב געוואָרפֿען אַ אויג אויף יוסף'ן און האָט געזאָגט: ליעג מיט מיר.

8. האָט ער נישט געוואָלט און האָט געזאָגט צו זיין הערנס ווייב: מיין הערר וויים דאָך נישט פֿון קיין זאַך, וואָס עס טהוט זיך אין הויז, און אַלץ, וואָס ער האָט, האָט ער אָבגעגעבען אין מיינע הענד;

9. עס איז נישטאָ אין דעם דאָזיגען הויז קיין גרעסערער פֿון מיר, און ער האָט פֿון מיר נישט פֿערהאַלטען קיין זאַך אויסער דיר, ווייל דו ביזט זיין ווייב, היינט ווי אַזוי קאָן איך טהון דאָס דאָזיגע גרויסע שלעכטס און זינדיגען פֿאַר גאָט?

10. און עס איז געווען, ווי זי האָט גערעדט צו יוסף'ן טאָג בײַ

טאָג, און ער האָט איהר ניט געפֿאָלגט צו ליעגען מיט איהר און צו זיין מיט איהר;

11. און עס איז געוועזען אין יענעם טאָג, און (יוסף) איז געקומען אין שטוב צו טהון זיין אַרבייט, און קיין מענש פֿון די שטוב־מענשען איז אין שטוב ניט געוועזען,

12. האָט זי אָנגעכאַפּט אָן זיין קלייד און געזאָגט: ליעג מיט מיר. האָט ער איבערגעלאָזט זיין קלייד אין איהר האַנד, און איז אַנטלאָפֿען און איז אַרויסגעגאַנגען אויף דרויסען.

13. און ווי זי האָט דערזעהן, דאָס ער האָט איבערגעלאָזט זיין קלייד אין איהר האַנד און איז אַנטלאָפֿען אין דרויסען,

14. האָט זי גערופֿען איהרע שטוב־מענשען און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט: זעהט, ער האָט צו אונז געבראַכט אַ עבֿרי, צו שפּאָטען פֿון אונז; ער איז געקומען צו מיר צו ליעגען מיט מיר, האָב איך געשריען מיט אַ הויכע שטימע,

15. און ווי ער האָט דערהערט, דאָס איך האָב אויפֿגע־הויבען מיין שטימע און האָב געשריען, האָט ער איבערגעלאָזט זיין קלייד ביי מיר, און איז אַנטלאָפֿען און איז אַרויסגעגאַנגען אויף דרויסען.

16. און זי האָט אַוועקגעלעגט זיין קלייד ביי זיך, ביז זיין הערר איז געקומען אין זיין הויז.

17. און זי האָט צו איהם גערעדט די דאָזיגע ווערטער: עס איז געקומען צו מיר דער קנעכט דער עבֿרי, וואָס דו האָסט צו אונז געבראַכט, צו שפּאָטען פֿון מיר,

18. און ווי איך האָב אויפֿגעהויבען מיין שטימע און האָב געשריען, האָט ער איבערגעלאָזט זיין קלייד ביי מיר און איז אַנטלאָפֿען אין דרויסען.

19. און עס איז געוועזען, ווי זיין הערר האָט דערהערט די רייד פֿון זיין ווייב, וואָס זי האָט צו איהם גערעדט: אַזוי האָט מיר אָפּגעטהון דיין קנעכט, — האָט אויפֿגעברענט זיין צאָרן.

20. און יוסף'ס הערר האָט איהם גענומען און איהם אַריינ־

גְעזֶעצְט אִין גְעפֶענְגנִישׁ-הוֹיז, אוּן דָאם אָרט, וואוּ עֶם זֶענֶען אַיינְגֶעשְׁלָאסֶען דֶעם קֶענִיגס גֶעפַאנְגֶענֶע. אוּן עֶר אִיז דָארְט גְעוועֶן אִין גֶעפֶענְגנִישׁ.

21. אוּן גָאט אִיז גְעוועֶן מִיט יוֹסֵף'ן, אוּן הָאט צוּ אִיהם צוּגֶענֵיינְט זַיין גְנָאד אוּן הָאט אִיהם גֶעלָאזְט גֶעפִינֶען לֵייטזָעלִיגְקַייט אִין דִי אוֹיגֶען פוּן דֶעם הוֹיפְּט פוּן גֶעפֶענְגנִישׁ.

22. אוּן דֶער הוֹיפְּט פוּן גֶעפֶענְגנִישׁ הָאט אָבְּגֶעגֶעבֶּען אִין יוֹסֵף'ס הַאנְד אַלֶע גֶעפַאנְגֶענֶע, וואָס אִין גֶעפֶענְגנִישׁ, אוּן אִיהְם אַלִין, וואָס זֵייא הָאבֶּען דָארְט גֶעטְהוּן, הָאט עֶר גֶעהַאט צוּ שַׁאפֶען.

23. דֶער הוֹיפְּט פוּן גֶעפֶענְגנִישׁ הָאט נִישְׁט נָאכְגֶעקוּקְט נָאךְ קֵיין זַאךְ, וואָס אִין זַיין הַאנְד, דֶען גָאט אִיז גֶעוועֶן מִיט אִיהם, אוּן וואָס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, הָאט גָאט בֶּעגְלִיקְט.

## קאפיטעל 40.

1. אוּן עֶס אִיז גֶעוועֶן נָאךְ דֶעם אַלֶעם הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט דֶער שֶׁענְקֶער פוּן קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם אוּן דֶער בֶּעקֶער פַאר זֵייעֶר הֶערְר, דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם.

2. אוּן פַּרְעֹה הָאט גֶעצָארְנְט אוֹיף זַיינֶע צְווייא הוֹיפְּ-לֵייט, אוֹיפ'ן הוֹיפְּט פוּן דִי שֶׁענְקֶער אוּן אוֹיפ'ן הוֹיפְּט פוּן דִי בֶּעקֶער;

3. אוּן עֶר הָאט זֵייא אַריינְגֶעזֶעצְט אִין וואַךְ אִין הוֹיז פוּן הוֹיפְּטמַאן פוּן דֶער לֵייבְּוואַכֶע, אִין גֶעפֶענְגנִישׁ, וואוּ יוֹסֵף אִיז דָארְט גֶעוועֶן אַיינְגֶעשְׁלָאסֶען.

4. אוּן דֶער הוֹיפְּטמַאן הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען יוֹסֵף'ן אִיבֶּער זֵייא, אוּן עֶר הָאט זֵייא בֶּעדִינְט. אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעוועֶן אַ צַייט אִין דֶער וואַךְ.

5. אוּן זֵייא הָאט זִיךְ בֵּיידֶען גֶעחָלוֹמְט אַ חָלוֹם, יֶעדֶער פוּן זֵייא זַיין אֵייגֶענֶער חָלוֹם אִין אֵיין נַאכְט, אוּן יֶעדֶעס חָלוֹם הָאט גֶעהַאט אַ בֶּעזוּנְדֶערֶן בֶּעשֵׁייד, אִי דֶער שֶׁענְקֶער אִי דֶער בֶּעקֶער פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, וואָס זֶענֶען גֶעוועֶן אַיינְגֶעשְׁלָאסֶען אִין גֶעפֶענְגנִישׁ.

6. און יוסף איז צו זיי געקומען אין דער פריה און האָט זיי געזעהן, ווי זיי זענען טרויריג.

7. האָט ער געפרעגט די הויפּלייט פון פרעה, וואָס מיט איהם אין געפענגניש פון זיין הערנס הויז: פאַר וואָס זעהט איהר היינט שלעכט אויס?

8. האָבען זיי געזאָגט צו איהם: אַ חלום האָט זיך אונז געחלומט, און עס איז נישטאָ, ווער עס זאָל איהם בעשיידען. האָט יוסף צו זיי געזאָגט: דער בעשייד איז דאָך ביי גאָט; דערצעהלט דאָס מיר.

9. האָט דער הויפט פון די שענקער דערצעהלט יוסף'ן זיין חלום און האָט צו איהם געזאָגט: מיר האָט זיך געחלומט, זי פאַר מיר שטעהט אַ ווייןשטאָק,

10. און דער וויינשטאָק האָט דריי צווייגען, און זי ער האָט נאָר אָנגעהויבען בליהען, האָט זיך אויף איהם בעוויזען בליהונג און עס זענען צייטיג געוואָרען די וויינטרויבען.

11. און פרעה'ס בעכער איז געווען אין מיין האַנד, האָב איך גענומען די וויינטרויבען און האָב זיי אויסגעקוועטשט אין פרעה'ס בעכער און האָב דערלאַנגט דעם בעכער אין פרעה'ס האַנד.

12. האָט יוסף צו איהם געזאָגט: דאָס איז זיין בעשייד: די דריי צווייגען זענען דריי טעג.

13. אין דריי טעג אַרום וועט פרעה דערהויבען דיין קאָפּ און וועט דיך צוריקשטעלען אויף דיין שטעלע, און דו וועסט דערלאַנגען פרעה'ס בעכער אין זיין האַנד, אַזוי ווי עס איז געווען פריהער, ווען דו ביזט געווען זיין שענקער.

14. נאָר דו זאָלסט אָן מיך געדענקען, ווען עס וועט דיר גוט ווערען, און זאָלסט מיר טהון אַ גנאָד, און זאָלסט מיך דער־מאָהנען פאַר פרעה'ן, און זאָלסט מיך אַרויסנעהמען פון דעם דאָזיגען הויז;

15. דען איך בין אַוועקגעגנבה'ט געוואָרען פון דעם לאַנד

פֿון די עִבְרִים, און אויך דאָ האָב איך קיין זאַך נישט געטהון, פֿאַר וואָס זיי זאָלען מיך איינזעצען אין גרוב.

16. און דער הויפּט פֿון די בעקער האָט געזעהן, דאָס ער האָט גוט בעשייַדט, האָט ער געזאָגט צו יוסף'ן: אויך מיר האָט זיך געחלומט, ווי דריי געלעכערטע קערב זענען אויף מיין קאָפּ;

17. און אין דעם אויבערשטען קאָרב געפֿינט זיך פֿון אַלערליי עסענוואַרג פֿון פּרעה, צוגעגרייט דורך בעקער, און די פֿויגעל עסען דאָס פֿון קאָרב, וואָס אויף מיין קאָפּ.

18. האָט יוסף געענטפֿערט און האָט געזאָגט: דאָס איז זיין בעשייד: די דריי קערב דאָס זענען דריי טעג;

19. און דריי טעג אַרום וועט פּרעה דערהויבען דיין קאָפּ פֿון דיר, און וועט דיך אויפֿהענגען אויף אַ בוים, און די פֿויגעל וועלען עסען דיין פֿלייש פֿון דיר.

20. און עס איז געווען אין דעם דריטען טאָג, אין דעם געבורטס־טאָג פֿון פּרעה, האָט ער געמאַכט אַ מאָלצייט פֿאַר זיינע אַלע קנעכט, און ער האָט זיך דערמאָהנט אויך אָן דעם הויפּט פֿון די שענקער און דעם הויפּט פֿון די בעקער צווישען זיינע קנעכט;

21. און ער האָט צוריקגעשטעלט דעם הויפּט פֿון די שענקער אויף זיין שענק־אַמט; און ער האָט דערלאַנגט דעם בעכער אין פּרעה'ס האַנד;

22. און דעם הויפּט פֿון די בעקער האָט ער אויפֿגעהאַנגען, אַזוי ווי יוסף האָט זיי בעשייַדט.

23. און דער הויפּט פֿון די שענקער האָט נישט געדענקט יוסף'ן און האָט איהם פֿערגעסען.

## צעהנטע סֶדְרָה: מִקֵּץ.

### קאפיטעל 41.

1. און עס איז געווען צו דער ענדע פֿון צוויי יאָהר, האָט זיך פּרעה'ן געחלומט, ווי ער שטעהט ביי'ם טייך.

2. און אָט געהען אַרויף פון טײַך זיעבען קיה, שענע פון געשטאַלט און פעטע אין פלייש, און זיי האָבען זיך געפּאַשעט אויפ'ן גראָז.

3. און אָט גיהען נאָך זיי אַרויף פון טײַך זיעבען אַנדערע קיה, שלעכטע פון געשטאַלט און מאָגערע אין פלייש, און זיי האָבען זיך געשטעלט נעבען די קיה בײַ'ם ברעג פון טײַך.

4. און די קיה, די שלעכטע פון געשטאַלט און מאָגערע אין פלייש, האָבען אויפגעפרעסען די זיעבען קיה, די שענע פון געשטאַלט און די פעטע. און פרעה האָט זיך אויפגעכאַפּט.

5. און ער איז איינגעשלאָפען און עס האָט זיך איהם װידער געחלומט, ווי אויף איין שטענגעל וואַקסען אויף זיעבען פעטע און גוטע זאַנגען.

6. און אָט גלייך נאָך זיי שפּראָצען אויף זיעבען זאַנגען דינע און אויסגעטריקענטע פון מִזְרַח־ווינד.

7. און די דינע זאַנגען האָבען איינגעשלונגען די זיעבען פעטע און פולע זאַנגען. און פרעה האָט זיך אויפגעכאַפּט, און אָט איז עס נאָר אַ חָלום.

8. און עס איז געווען אין דער פריה, איז זײַן גײַסט געווען בעקימערט; האָט ער געשיקט רופען אַלע כישוף־מאַכער פון מִצְרַיִם און זײַנע אַלע קלוגע לײַט, און פרעה האָט זיי דערצעהלט זײַן חלום, נאָר קיינער פון זיי האָט איהם נישט געקאָנט בעשיידען פאַר פרעה'ן.

9. האָט דער הויפּט פון די שענקער אַזוי גערעדט צו פרעה'ן: מײַנע זינד דערמאָהן איך אויצט.

10. פרעה האָט געהאַט געצאָרנט אויף זײַנע קנעכט, און האָט מיך אַרײַנגעזעצט אין וואַך אין הויז פון הויפּטמאַן פון דער לײַבוואַכע, מיך און דעם הויפּט פון די בעקער.

11. און אונז האָט זיך געחלומט אַ חלום אין איין נאַכט, מיר מיט איהם, יעדען פון אונז האָט זיך געחלומט אַ חלום לויט זײַן בעדײַטונג.

12. און דאָרט איז מיט אונז (געוועזען) אַ יונגעל, אַ עִבְרִי, אַ קנעכט פֿון דעם הויפּטמאַן פֿון דער לייבוואַכע, האָבען מיר איהם דערצעהלט, און ער האָט בעשיידט אונזערע חֲלוֹמוֹת, יעדען האָט ער בעשיידט לויט זיין חָלוֹם.

13. און עס איז געוועזען, אַזוי ווי ער האָט בעשיידט, אַזוי איז געוואָרען: מיך האָט מען צוריקגעזעצט אויף מיין שטעלע, און איהם האָט מען אויפגעהאַנגען.

14. האָט פרעה געשיקט רופען יוֹסֵף'ן, האָט מען איהם גיך ארויסגענומען פֿון גרוב, און ער האָט זיך אָבגעגאָלט און אומגעביטען זיינע קליידער, און איז געקומען צו פרעה'ן.

15. האָט פרעה געזאָגט צו יוֹסֵף'ן: מיר האָט זיך געחלומט אַ חלום, און עס איז נישטאָ, וועד ער זאָל איהם בעשיידען; און איך האָב געהערט זאָגענדיג וועגען דיר: דו פֿערשטעהסט צו בעשיידען אַ חלום.

16. האָט יוֹסֵף געענטפֿערט פרעה'ן אַזוי: נישט איך; גאָט וועט ענטפֿערן צו'ם פֿריעדען פֿון פרעה.

17. האָט פרעה גערעדט צו יוֹסֵף'ן: מיר האָט זיך געחלומט, ווי איך שטעה ביי'ם ברעג טייך;

18. און אָט געהען אַרויף פֿון טייך זיעבען קיה פֿעטע אין פֿליישׁ און שעהנע פֿון געשטאַלט, און זיי האָבען זיך געפּאַשעט אויפ'ן גראָז.

19. און אָט געהען נאָך זיי אַרויף זיעבען אַנדערע קיה, דאַרע און זעהר שלעכטע פֿון געשטאַלט און מאָגערע אין פֿליישׁ; איך האָב אין גאַנצען לאַנד מִצְרַיִם נישט געזעהן אַזעלכע מאָגערע ווי זיי.

20. און די מאָגערע און דאַרע קיה האָבען אויפגעפרעסען די ערשטע זיעבען פֿעטע קיה.

21. און זיי זענען אריין אין זיי, און דאָך איז נישט געזעהן צו דערקענען, דאָס זיי זענען אַריין אין זיי, און זיי האָבען אויסגעזעהן שלעכט ווי פֿריהער. און איך האָב מיך אויפגעחאַפּט.

22. און איך האָב געזעהן אין מײַן חלום, ווי אויף איין שטענגעל וואקסען אויף זיבען זאַנגען פולע און גוטע.

23. און אט שפּראָצען אויף נאָך זיי זיבען זאַנגען דאַרע, דינע און אויסגעטריקענטע פון מזרח-ווינד.

24. און די דינע זאַנגען האָבען איינגעשלונגען די גוטע זאַנגען. האָב איך דאָס געזאָגט צו די כשוף-מאַכער, נאָר קיינער זאָגט מיר נישט (דעם בעשייד).

25. האָט יוסף געזאָגט צו פּרעה'ן: פּרעה'ס חלום איז איינער; וואָס גאָט טהוט, דאָס האָט ער אָנגעזאָגט פּרעה'ן.

26. די זיבען גוטע קיה זענען זיבען יאָהר, און די זיבען גוטע זאַנגען זענען זיבען יאָהר; דאָס איז איין חלום.

27. און די זיבען מאָגערע און שלעכטע קיה, וואָס געהען אַרויף נאָך זיי, זענען זיבען יאָהר, און די זיבען לעדיגע זאַנגען, די אויסגעטריקענטע פון מזרח-ווינד, וועלען זיין זיבען הונגער-יאָהרען.

28. דאָס איז עס די זאַך, וואָס איך האָב גערעדט צו פּרעה'ן: דאָס, וואָס גאָט טהוט, האָט ער געוויזען פּרעה'ן.

29. אָט קומען אָן זיבען יאָהר פון גרויסער זעטיגקייט אין גאַנצען לאַנד מִצְרַיִם.

30. און עס וועלען אָנקומען נאָך זיי זיבען הונגער-יאָהרען. און עס וועט פערגעסען ווערען די גאַנצע זעטיגקייט אין לאַנד מצרים, און דער הונגער וועט פערדאַרבען דאָס לאַנד.

31. און עס וועט נישט אָנדערקענט ווערען די (פריהערדיגע) זעטיגקייט אין לאַנד צוליעב יענעם שפּעטערדיגען הונגער, דען ער וועט זיין זעהר שווער.

32. און דאָס, וואָס דער חלום האָט זיך פּרעה'ן ווידער-האָלט צוויי מאָל, (איז אַ בעווייז), דאָס די זאַך איז בעשלאָסען פון גאָט, און גאָט איילט דאָס צו טהון.

33. און איצט זאָל זיך פּרעה שאַפען אַ פערשטענדיגען און אַ קלוגען מאַן און זאָל איהם שטעלען איבער'ן לאַנד מצרים.

34. זָאל פרעה בעפֿעהלען און אויפֿנעהמען בעאַמטע איבער'ן לאַנד און זאָל אָבנעהמען אַ פֿינפֿט-חֵלֶק פֿון לאַנד מִצְרַיִם אין די זיעבען זאַטע יאָהרען.

35. און זיי זאָלען אויפֿקלייבען אַלע שפּייזען פֿון די דאָזיגע גוטע יאָהרען, וואָס קומען אָן, און זיי זאָלען פֿערזאַמלען די תְּבוּאָה אונטער פּרעה'ס האַנד, אַלס שפּייז אין די שטעדט, און זאָלען דאָס היטען.

36. וועט די שפּייז זיין צוגעגרייט אין לאַנד פֿאַר די זיעבען הונגער-יאָהרען, וואָס וועלען זיין אין לאַנד מצרים, און דאָס לאַנד וועט נישט אומקומען אויס הונגער.

37. איז די זאַך געפֿעלען געוואָרען אין פּרעה'ס אויגען און אין די אויגען פֿון זיינע אַלע קנעכט.

38. און פּרעה האָט געזאָגט צו זיינע קנעכט: צי וועלע מיר געפֿינען אַזאַ מאַן ווי דער, וואָס גאָטס גייסט איז אין איהם?

39. און פּרעה האָט געזאָגט צו יוסף'ן: אַזוי ווי גאָט האָט דאָס אַלץ דיר בעקאַנט געמאַכט, איז נישטאָ קיין פֿערשטענדיגערער און קלוגערער פֿאַר דיר.

40. דו וועסט זיין איבער מיין הויז, און דורך דיר זאָל געשפּייזט ווערען מיין גאַנץ פֿאָלק, נאָר מיט'ן טראָן וועל איך זיין גרעסער פֿון דיר.

41. און פּרעה האָט געזאָגט צו יוסף'ן: זעה, איך האָב דיך געשטעלט איבער'ן גאַנצען לאַנד מצרים.

42. און פּרעה האָט אַראָבגענומען דעם רינג פֿון זיין האַנד און האָט איהם אַרויפֿגעזעצט אויף יוסף'ס האַנד און האָט איהם אָנגעקליידט טייערע קליידער און האָט אויף זיין האַלז אַרויפֿגעלעגט די גאָלדענע-קייט.

43. און ער האָט איהם געלאָזט פֿאָהרען אין זיין צווייטען וואָגען, און מען האָט אויסגערופֿען פֿאַר איהם: קעניגליכער פֿירשט, און ער איז אויפֿגענומען געוואָרען איבער דאָס גאַנצע לאַנד מצרים.

44. און פּרעה האָט געזאָגט צו יוסף'ן: איך בין פּרעה;

גאָר אָהן דיר זאָל קיינער נישט אויפהויבען זיין האַנד און זיין פוס אין גאַנצען לאַנד מצרים.

45. און פרעה האָט אָנגערופען יוסף'ס נאָמען: צָפְנַת־פַּעְנֵחַ, און ער האָט איהם געגעבען אָסְנַת'ן, די טאָכטער פון פּוֹטִי־פֶרַע, דער פריסטער פון און פאַר אַ ווייב. און יוסף איז אַרויסגעגאַנגען צו גיהן איבער דאָס לאַנד מצרים.

46. און יוסף איז אַלט געווען דרייסיג יאָהר, ווען ער האָט זיך געשטעלט פאַר פרעה'ן, דעם קעניג פון מצרים. און יוסף איז אַרויסגעגאַנגען פון פרעה'ן און איז דורכגעגאַנגען איבער דאָס גאַנצע לאַנד מצרים.

47. און (די איינוואָהנער פון) לאַנד האָבען אָנגעזאַמעלט אין די זיבען זאַטע יאָהרען מאַסענווייז.

48. און ער האָט אויפגעקליבען די גאַנצע שפייז פון זיבען יאָהר, וואָס איז געווען אין מצרים, און האָט אַריינגעלעגט די שפייז אין די שטעדט; די שפייז פון די פעלדער, וואָס אַרום דער שטאָדט, האָט ער אַריינגעלעגט אין שטאָדט.

49. און יוסף האָט אָנגעזאַמעלט זעהר פיעל תּבוּאה, אַזוֹי ווי דער זאַמד ביי'ם ים, ביז ער האָט אויפגעהערט צו צעהלען, דען עס איז קיין צאָהל געווען.

50. און ביי יוסף'ן זענען געבאָרען געוואָרען צוויי זיהן, נאָך איידער דאָס הונגער־יאָהר איז אָנגעקומען; דאָס האָט איהם געבאָרען אָסְנַת, די טאָכטער פון פּוֹטִי־פֶרַע, דער פריעסטער פון און.

51. און יוסף האָט אָנגערופען דעם נאָמען פון עלטערן: מְנַשֶּׁה, ווייל ער האָט געזאָגט: גאָט האָט מיך געמאַכט פערגעסען מיין גאַנץ אונגליק און דאָס גאַנצע הויז פון מיין פאָטער.

52. און דעם נאָמען פון צווייטען האָט ער אָנגערופען: אֶפְרַיִם, ווייל ער האָט געזאָגט: גאָט האָט מיך געמאַכט פרוכטבאַר אין'ם לאַנד פון מיין עלענד.

53. און עס האָבען זיך אויסגעלאָזען די זיבען זאַטע יאָהרען, וואָס זענען געווען אין לאַנד מצרים.

54. און עֶס הָאבֶּען זִיךְ אָנגעֶהויבּען דִי זִיבּען הונגער־יאָה־
רען, אַזוֹי ווִי יוֹסֵף הָאט געזָאגט. און עס אִיז געוועֶזען אַ הונגער אִין
אַלֶע לענדער, נאָר אִין גאַנצען לאַנד מִצְרַיִם אִיז געוועֶזען בּרויט.
55. און ווען דאָס גאַנצע לאַנד מִצְרַיִם הָאט געהונגערט און
דאָס פָאלק הָאט געשריען צוּ פַּרְעֹה'ן ווֶעגען בּרויט, הָאט פַּרְעֹה
געזָאגט צוּ גאַנץ מִצְרַיִם: געהט צוּ יוֹסֵף'ן; וואָס ער וועט אייך
זָאגען, זָאלט אִיהר טהוּן.
56. און דער הונגער אִיז געוואָרען אִיבּער'ן גאַנצען לאַנד.
און יוֹסֵף הָאט אויפגעֶעֶפֶענט אַלע היַיזער מִיט תְּבוּאוֹת, און הָאט
פֶערקויפט תְּבוּאָה דִי מִצְרִים. און דער הונגער הָאט זִיךְ פֶערשטאַרקט
אִין לאַנד מִצְרַיִם.
57. און פוּן דער גאַנצער עֶרד אִיז מען געקוּמען קיין מִצְרַיִם
צוּ קויפען תְּבוּאָה פוּן יוֹסֵף'ן, דען דער הונגער הָאט זִיךְ פער־
שטאַרקט אויף דער גאַנצער עֶרד.

## קאַפּיטעל 42.

1. און יַעֲקֹב הָאט געזעהן, דאָס מען בּעקוּמט צוּ קויפען
תְּבוּאָה אִין מִצְרַיִם, הָאט יַעֲקֹב געזָאגט צוּ זיינע זִיהן: צוּ וואָס
זָאלט אִיהר זִיךְ לאַנג אַרוּמקוּקען?
2. און ער הָאט געזָאגט: אָט הָאבּ אִיךְ געהערט, דאָס מען
בּעקוּמט צוּ קויפען תְּבוּאָה אִין מִצְרַיִם; נִידערט אַהִין אַראָבּ און
קויפט אוּנז פוּן דאָרטען תְּבוּאָה, וועלען מִיר לעבּען און נִישט
שטאַרבּען.
3. זעֶנען צעהן יוֹסֵף'ס בּרִידער אַראָבּגענִידערט קיין מִצְרַיִם
צוּ קויפען תְּבוּאָה.
4. און בִּנְיָמִין'ן, יוֹסֵף'ס בּרוּדער, הָאט יַעֲקֹב נִישט געשִׁיקט
מִיט זיינע בּרִידער, דען ער הָאט געזָאגט: טאָמער טרעֶפט אִיהם
אַן אוּנגלִיק.
5. און יִשְׂרָאֵל'ס זִיהן זעֶנען געקוּמען קויפען תְּבוּאָה צווישען
מִיט אַלע קוּמענדע, דען עס אִיז געוואָרען אַ הונגער אִין לאַנד כְּנַעַן.

6. און יוסף איז געוועזען דער הערשער איבערן לאַנד, ער האָט פערקויפט תבואה דעם גאַנצען פאָלק פון לאַנד. זענען יוסף'ס ברידער געקומען און האָבען זיך געבוקט צו איהם מיט'ן פּני געזיכט צו דער ערד.

7. האָט יוסף געזעהן זיינע ברידער און האָט זיי דערקענט. האָט ער זיך געמאַכט פאַר זיי פרעמד און האָט גערעדט מיט זיי האַרטע ווערטער און האָט געזאָגט צו זיי: פון וואַנען קומט איהר? האָבען זיי געזאָגט: פון לאַנד כנען, צו קויפען שפייז.

8. און יוסף האָט דערקענט זיינע ברידער, נאָר זיי האָבען איהם נישט דערקענט.

9. און יוסף האָט זיך דערמאָהנט די חלומות, וואָס איהם האָט זיך געחלומט וועגען זיי, און ער האָט געזאָגט צו זיי: איהר זענט אויסקוקער, איהר זענט געקומען אויסקוקען די שוואַכע אונבעפעסטיגטע ערטער פון לאַנד.

10. האָבען זיי געזאָגט צו איהם: ניין, מיין הערר, נאָר דיינע קנעכט זענען געקומען קויפען שפייז.

11. מיר אַלע זענען די זיהן פון איין מאַן, עהרליכע זענען מיר, דיינע קנעכט זענען נישט געווען קיין אויסקוקער.

12. האָט ער געזאָגט צו זיי: ניין, נאָר איהר זענט געקומען אויסקוקען די שוואַכע אונבעפעסטיגטע ערטער פון לאַנד.

13. האָבען זיי געזאָגט: צוועלף ברידער זענען מיר דיינע קנעכט, די זיהן פון איין מאַן אין לאַנד כנען, און איצט איז דער קלענסטער (געבליבען) מיט אונזער פאָטער, און איינער איז נישטאָ.

14. האָט יוסף צו זיי געזאָגט: אָט דאָס איז עס טאַקי, וואָס איך האָב אייך געזאָגט: אויסקוקער זענט איהר.

15. דערמיט וועט איהר אויסגעפּרובט ווערען: איך שווער ביי פרעה'ס לעבען, דאָס איהר וועט פון דאַנען נישט אַרויסגעהן, סיידען אייער קלענער ברודער וועט קומען אַהער.

16. שיקט איינעם פון אייך, און זאָל ער נעהמען אייער ברודער, און איהר וועט דאָ בלייבען געפאַנגען, אום אייערע

זיגד זָאלֶען אױסגֶעפּרוּבט װערֶען, צִי דער אֱמֶת אִיז מִיט אײַך, אָדער נִיין. אִיךְ שװער בײַ פּרעה׳ס לֶעבֶּען, דָאס אִיהר זײַנט אױסקוּקער.

17. אוּן ער הָאט זײ פֶערזַאמֶעלט אִין דער װאַךְ אױף דרײַ טעג.

18. אוּן אױפ׳ן דרִיטֶען טָאג הָאט יוֹסֵף צוּ זײ גֶעזָאגט: דָאס זָאלט אִיהר טהוּן, װעט אִיהר לֶעבֶּען, דען אִיךְ הָאבּ מוֹרא פַאר גָאט;

19. אױבּ אִיהר זײַנט עֶהרלִיכֶע, זָאל אײן בּרוּדער פוּן אײַךְ בּלײַבֶּען גֶעפַאנגֶען אִין אײַער װאַךְ, אוּן אִיהר גֶעהט, בּרִינגט תְּבוּאָה צוּ שטִילֶען׳ דעם הוּנגער פוּן אײַערֶע הײַזער.

20. אוּן אײַער קלײנֶעם בּרוּדער זָאלט אִיהר בּרִינגֶען צוּ מִיר, װעלֶען בּעשטעטִיגט װערֶען אײַערֶע װערטער אוּן אִיהר װעט נִישט שטַארבֶּען. הָאבֶּען זײ אַזױ גֶעטהוּן.

21. אוּן זײ הָאבֶּען גֶעזָאגט אײנֶער צוּ׳ם צװײטֶען: יָא װירקְלִיךְ, מִיר זײַנֶען שוּלדִיג צוּלִיעבּ אוּנזֶער בּרוּדער, דען מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהן דִי אַנגסט פוּן זײַן זעעלֶע, װען ער הָאט זִיךְ בּײַ אוּנז גֶעבֶּעטֶען, אוּן מִיר הָאבֶּען אִיהם נִישט דערהערט, דערִיבֶּער אִיז אױף אוּנז גֶעקוּמֶען דִי דָאזִיגֶע צָרָה.

22. הָאט רְאוּבֵן זײ אַזױ גֶעענטפֶערט: צִי דען הָאבּ אִיךְ אײַךְ נִישט גֶעזָאגט: אִיהר זָאלט נִישט זִינדִיגֶען פַאר׳ן קִינד, נײַערט אִיהר הָאט נִישט גֶעפָאלגט, אוּן אִיצט, אָט װערט גֶעמָאהנט זײַן בּלוּט.

23. אוּן זײ הָאבֶּען נִישט גֶעװאוּסט, דָאס יוֹסֵף פֶערשטֶעהט, װײַל צװִישֶען זײ אִיז גֶעװעזֶען אַ פֶערטײַטשער.

24. הָאט ער זִיךְ אָבגֶעװענדעט פוּן זײ אוּן הָאט גֶעװײנט, אוּן אִיז צוּרִיקגֶעקוּמֶען צוּ זײ אוּן הָאט גֶערעדט צוּ זײ אוּן הָאט פוּן זײ צוּגֶענוּמֶען שִׁמְעוֹן׳ן אוּן הָאט אִיהם גֶעבּוּנדען פַאר זײ אִין דִי אױגֶען.

25. אוּן יוֹסֵף הָאט אָנגֶעזָאגט, דָאס מֶען זָאל אָנפִילֶען זײערֶע זעק מִיט תְּבוּאָה, אוּן מען זָאל צוּרִיקגֶעבֶּען זײער גֶעלד יעדֶען אִין

זײַן זאַק, און מען זאָל זיי געבען שפּײַז אויפ'ן וועג. און מען האָט זיי אַזוי געטהון.

26. און זיי האָבען אַרויפגעלעגט די תבואה אויף די עזלען און זענען פון דאָרטען אַוועקגעגאַנגען.

27. האָט אײנער פון זיי אויפגעעפענט זײַן זאַק צו געבען פאַשע זײַן עזעל אין דער הערבערג, האָט ער דערזעהן זײַן געלד, ווי עס ליעגט אין דער עפנונג פון זײַן זאַק.

28. האָט ער געזאָגט צו זײַנע ברידער: מײַן געלד איז צוריקגעגעבען געוואָרען און עס ליעגט אויך אין מײַן זאַק. איז זיי דאָס האַרץ אויסגעגאַנגען און זיי זענען דערשראָקען געוואָרען, זאָגענדיג אײנער צו'ם אַנדערען: וואָס האָט דאָס גאָט מיט אונז געטהון?

29. זענען זיי געקומען צו זייער פאָטער יעקב אין לאַנד כנען און האָבען איהם דערצעהלט אַלץ, וואָס זיי האָט געטראָפען, און האָבען אַזוי געזאָגט:

30. עס האָט גערעדט מיט אונז דער מאַן, דער הער פון לאַנד, האַרטע ווערטער, און ער האָט אונז געהאַלטען פאַר אויסקוקער דאָס לאַנד.

31. האָבען מיר געזאָגט צו איהם: ערהליכע זענען מיר, מיר זענען נישט געוועזען קיין אויסקוקער;

32. צוועלף ברידער זענען מיר, די זיהן פון אונזער פאָטער; אײנער איז נישטאָ, און דער קלענסטער איז איצט מיט אונזער פאָטער אין לאַנד כנען.

33. האָט צו אונז געזאָגט דער מאַן, דער הער פון לאַנד: דערמיט וועל איך וויסען, דאָס איהר זענט ערהליכע: אײן ברודער פון אײַך לאָזט איבער מיט מיר, און די תבואה צו שטילען דעם הונגער פון אײַער הויזגעזינד, נעהמט און געהט,

34. און ברענגט אײַער קלײנעם ברודער צו מיר, וועל איך וויסען, דאָס איהר זענט נישט קיין אויסקוקער, דאָס איהר זענט ערהליכע, וועל איך אײַך אָבגעבען אײַער ברודער און איהר וועט קאָנען אומגעהן אין לאַנד.

35. אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, ווִיאַזוֹי זֵיי הָאבֶּען אוֹיסגֶעלֶעדִיגְט זֵייעֶרֶע זֶעק, אוּן אָט הָאט יֶעדֶער (גֶעפֿוּנֶען) זַיין בִּינְדֶעל גֶעלְד אִין זַיין זַאק. הָאבֶּען זֵיי דֶערזֶעהֶן זֵייעֶרֶע בִּינְדְלֶעךְ גֶעלְד, זֵיי אוּן זֵייעֶר פָאטֶער, הָאבֶּען זֵיי מוֹרָא גֶעהַאט.

36. הָאט זֵייעֶר פָאטֶער יַעֲקֹב צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: מִיךְ הָאט אִיהר גֶעמַאכְט קִינְדֶערלָאז: יוֹסֵף אִיז נִישְׁטָא אוּן שִׁמְעוֹן אִיז נִישְׁטָא אוּן בִּנְיָמִין ווֶעט אִיהר צוּגֶעהמֶען; דָאס אַלֶץ מוּז אִיךְ אוֹיסְשְׁטֶעהֶן.

37. הָאט רְאוּבֵן אַזוֹי גֶעזָאגְט צוּ זַיין פָאטֶער: מַיינֶע צְווֵיי זִיהן זָאלְסְטוּ טוֹידְטֶען, אוֹיבּ אִיךְ ווֶעל אִיהם דִיר נִישְׁט בְּרֶענְגֶען; גִיבּ אִיהם אִיבֶּער אִין מַיין הַאנְד אוּן אִיךְ ווֶעל אִיהם דִיר צוּרִיק בְּרֶענְגֶען.

38. הָאט עֶר גֶעזָאגְט: מַיין זוּהן ווֶעט מִיט אַיידְ נִישְׁט אַרָאבְּגֶעהֶן, דֶען זַיין בְּרוּדֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶער אַלֵיין, אוּן טָאמֶער טְרֶעפְט אִיהם אַ אוּנְגְלִיק אִין ווֶעג, אוּן ווֶעלְכֶען אִיהר גֶעהט, ווֶעט אִיהר דֶערְפִיהרֶען מַיין עֶלְטֶער אִין טְרוֹיעֶר אִין גְרוּבּ אַרַיין.

## קאפיטעל 43.

1. אוּן דֶער הוּנְגֶער הָאט זִיךְ פֶערְשְׁטַארְקְט אִין לַאנְד.

2. אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, ווִיאַזוֹי זֵיי הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט עֶסֶען דִי תְּבוּאָה, ווָאס זֵיי הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם, הָאט זֵייעֶר פָאטֶער צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: גֶעהט ווִידֶער, קוֹיפְט אוּנְז אַבִּיסֶעל שְׁפַּייז.

3. הָאט יְהוּדָה צוּ אִיהם אַזוֹי גֶעזָאגְט: דֶער מַאן הָאט אוּנְז גֶעווָארְנְט אוּן אָנְגֶעזָאגְט: אִיהר זָאלְט נִישְׁט זֶעהֶן מַיין אַנְגֶעזִיכְט, סַיידֶען אַייעֶר בְּרוּדֶער ווֶעט זַיין מִיט אַייךְ.

4. אוֹיבּ דוּ ווֶעסְט מִיטְשִׁיקֶען אוּנְזֶער בְּרוּדֶער מִיט אוּנְז, ווֶעלֶען מִיר אַרָאבְּגֶעהֶען אוּן מִיר ווֶעלֶען דִיר קוֹיפֶען עֶסֶען.

5. אוּן אוֹיבּ דוּ ווֶעסְט נִישְׁט מִיטְשִׁיקֶען, ווֶעלֶען מִיר נִישְׁט אַרָאבְּגֶעהֶען, דֶען דֶער מַאן הָאט צוּ אוּנְז גֶעזָאגְט: אִיהר זָאלְט נִישְׁט זֶעהֶן מַיין אַנְגֶעזִיכְט, סַיידֶען אַייעֶר בְּרוּדֶער ווֶעט זַיין מִיט אַייךְ.

6. האָט ישׂראל געזאָגט: פאַרוואָס האָט איהר מיר אזא רָעָה געטהון און געזאָגט דעם מאַן, דאָס איהר האָט נאָך אַ ברודער.

7. האָבען זיי געזאָגט: דער מאַן האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען אונז און וועגען אונזער פאַמיליע, און האָט געזאָגט: צי לעבט נאָך אייער פאָטער? צי האָט איהר אַ ברידער? האָבען מיר איהם דערצעהלט לויט די דאָזיגע ווערטער. צי דען האָבען מיר געקאָנט וויסען, דאָס ער וועט זאָגען: ברענגט אַראָב אייער ברודער?

8. און יהודה האָט געזאָגט צו זיין פאָטער ישׂראל: שיק דאָס יונגעל מיט מיר, און מיר וועלען אויפשטעהן און געהן, און מיר וועלען לעבען און נישט שטאַרבען, אי מיר, אי די, אי אונזערע קינדער.

9. איך וועל פאַר איהם זיין פעראַנטוואָרטליך, פון מיין האַנד וועסטו איהם מאָהנען; אויב איך וועל איהם נישט ברענגען צו דיר און איהם אַוועקשטעלען פאַר דיר, וועל איך זיין זינדיג פאַר דיר אַלע טעג.

10. ווען מיר וואָלטען זיך נישט ביז איצט פערזאַמט, וואָלטען מיר דאָך שוין צוויי מאָל צוריקגעקומען.

11. האָט ישׂראל צו זיי געזאָגט: אויב אַזוי, זאָלט איהר אַזוי טהון: נעמט פון די בעסטע פרוכטען פון לאַנד אין אייערע כֵּלִים, און ברענגט אַראָב דעם מאַן אַ מַתָּנָה. אַ ביסעל באַלזאַם און אַ ביסעל האָניג, געווירצען און ווייהראַך, פיסטאַציען און מאַנדלען.

12. און דאָפּעלט געלד נעהמט אין אייערע הענד, און דאָס געלד, וואָס איז צוריקגעלעגט געוואָרען אין דער עפּנינג פון אייערע זעק, זאָלט איהר צוריקגעבען מיט אייערע הענד פילייכט איז דאָס אַ טָעוּת.

13. און אייער ברודער נעהמט, און שטעהט אויף קעהרט צוריק צו דעם מאַן.

14. און דער אַלמעכטיגער גאָט זאָל אייך געבען באַרמהערציגקייט פאַר דעם מאַן, און ער זאָל אייך אָבשיקען מיט אייער

אַנדערן ברודער און מִיט בנימין׳ן, און איך, אויב איך מוז שׂיין בלייבען קִינדערלאָז, וועל איך בלייבען קִינדערלאָז.

15. האָבען די מענער גענומען די דאָזיגע מַתָּנָה, און דאָפּעלט געלד האָבען זיי גענומען אין זייערע הענד און בנימין׳ן, און זיי זענען אויפגעשטאַנען און אַראָבגענידערט קיין מצרים און האָבען זיך געשטעלט פאַר יוסף׳ן.

16. האָט יוסף געזעהן בנימין׳ן מיט זיי, האָט ער געזאָגט צו דעם, וואָס איז געווען אויפגענומען איבער זיין הויז: ברענג די מענער אין הויז און שעכט צו׳ם עסען און ברייט צו, דען מיט מיר וועלען די מענער עסען צו מיטאָג.

17. האָט דער מאַן געטהון, ווי יוסף האָט געזאָגט, און דער מאַן האָט געבראַכט די מענער אין יוסף׳ס הויז.

18. האָבען די מענער זיך דערשראָקען דערפאַר, וואָס זיי זענען געבראַכט געוואָרען אין יוסף׳ס הויז, און זיי האָבען געזאָגט: דאָס איז צוליעב דעם געלד, וואָס איז צוריקגעלעגט געוואָרען פריהער אין אונזערע זעק, ווערען מיר געבראַכט, כדי צו מאַכען אויף אונז אַ בִּלְבּוּל און צו בעפאַלען אויף אונז און צונעהמען פאַר קנעכט אונז און אונזערע עזלען.

19. זענען זיי צוגעגאַנגען צו׳ם מאַן, וואָס איז געווען אויפגענומען איבער יוסף׳ס הויז, און האָבען גערעדט צו איהם אין טהיר פון הויז,

20. און האָבען געזאָגט: איך בעט מיין הערר! מיר זענען שוין פריהער אַראָבגעקומען קויפען שפּייז;

21. און עס איז געווען, ווען מיר זענען געקומען אין דער הערבערג, האָבען מיר אויפגעעפענט אונזערע זעק, און אָט איז יעדענס געלד געלעגען אין דער עפענונג פון זיין זאַק, אונזער געלד לויט זיין וואָג; האָבען מיר עס צוריקגעבראַכט אין אונזערע הענד.

22. און אויך אַנדער געלד האָבען מיר אַראָבגעבראַכט אין אונזערע הענד, צו קויפען שפּייז. מיר ווייסען נישט, ווער עס האָט אַריינגעלעגט אונזער געלד אין אונזערע זעק.

23. האָט ער געזאָגט: זייט רוהיג, האָט נישט מורא; אייער גאָט און דער גאָט פון אייער פאָטער האָט אייך געגעבען אַ אוצר אין אייערע זעק. אייער געלד איז צו מיר אָנגעקומען. און ער האָט צו זיי אַרויסגעפיהרט שמעונ'ן.

24. און דער מאַן האָט געבראַכט די מענער אין יוסף'ס הויז, און ער האָט נעגעבען וואַסער, האָבען זיי אָבגעוואַשען זייערע פיס, און ער האָט נעגעבען פאַטער פאַר זייערע אייזלען.

25. און זיי האָבען אָנגעגרייט די מתנה אידער יוסף איז געקומען צו מיטאָג, דען זיי האָבען געהערט, דאָס דאָרטען וועלען זיי עסען ברויט.

26. און ווען יוסף איז געקומען אין הויז, האָבען זיי איהם געבראַכט די מתנה, וואָס אין זייערע הענד, אין הויז אַריין, און זיי האָבען זיך צו איהם געבוקט ביז צו דער ערד.

27. האָט ער זיי געפרעגט, וואָס זיי מאַכען, און האָט געזאָגט: צי איז געזונד אייער אַלטער פאָטער, וואָס איהר האָט געזאָגט? צי לעבט ער נאָך?

28. האָבען זיי געזאָגט: דיין קנעכט אונזער פאָטער איז געזונד, ער לעבט נאָך. און זיי האָבען זיך געניינט און געבוקט.

29. האָט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען און האָט געזעהן זיין ברודער בנימין, זיין מוטערס זוהן, האָט ער געזאָגט: איז דאָס אייער קליינער ברודער, וועגען וועלכען איהר האָט מיר געזאָגט? און ער האָט געזאָגט: זאָל דיך גאָט בעגנעדיגען, מיין זוהן!

30. און יוסף האָט געאייַלט (אַוועקציגעהן), דען עס האָט אויפגעברענט אין איהם זיין צערטליכקייט צו זיין ברודער, און ער האָט געוואָלט וויינען. איז ער געקומען אין אַנ'אַנדער צימער און האָט דאָרט געוויינט.

31. און ער האָט אָבגעוואַשען זיין געזיכט און איז אַרויסגעגאַנגען און האָט זיך געשטאַרקט. און ער האָט געזאָגט: דערלאַנגט צום עסען.

32. האָבען זיי דערלאַנגט פאַר איהם בעזונדער, און פאַר

זיי בעזונדער, און פאר די מִצְרִים, וואס האבען געגעסען מיט איהם, בעזונדער, דען די מִצְרִים קאנען נישט עסען מיט די עִבְרִים ברויט, ווייל עס איז מִיאוּס פאר די מִצְרִים.

33. און זיי האבען זיך געזעצט פאר איהם, דער עלטערער לויט זיין עלטער און דער יונגערער לויט זיין יוגענד. האבען זיך די מענער געוואונדערט איינער באר'ן צווייטען.

34. און מען האט געטראגען שפייזען פון איהם צו זיי, און בנימינ'ס חֵלֶק שפייז איז געוועזען גרעסער פון אלעמענס חֲלָקִים, פינף מאָל אזוי פיעל. און זיי האבען געטרונקען און זיך אנגעשיכורט מיט איהם.

## קאפיטעל 44.

1. און ער האט אזוי בעפוילען דעם, וואס איז געוועזען איינגענומען איבער זיין הויז: מאך פול די זעק פון די מענער מיט שפייז, וויפיעל זיי קאנען נאר טראגען, און לעג אריין יעדענס געלד אין דער עפנונג פון זיין זאק.

2. און מיין בעכער, דעם זילבערנעם בעכער, זאלסטו אריינלעגען אין דער עפנונג פון'ם קלענסטענס זאק, און אויך דאס געלד פאר זיין תבואה. און ער האט געטהון לויט יוסף'ס רייד, וואס ער האט גערעדט.

3. ווי דער פריהמארגען האט אויפגעלויכטען, זענען די מענער ארויסגעשיקט געווארען, זיי און זייערע אייזלען.

4. זיי זענען ארויסגעגאנגען פון שטאדט, און נאך אוועק זיי האבען זיך דערווייטערט, האט יוסף געזאגט צו דעם, וואס איז אויפגענומען איבער זיין הויז: שטעה אויף, יאג נאך די מענער, און דו זאלסט זיי דעריאגען און זאלסט זאגען צו זיי: פאר וואס האט איהר אבגעצאהלט שלעכטס פאר גוטס?

5. דאס איז דאך דער (בעכער), וואס פון איהם טרינקט מיין הערר, און אויך מאכט ער דורך איהם כישוף; איהר זענט זיך שלעכט בעגאנגען, וואס איהר האט דאס געטהון.

6. האָט ער זיי דעריאָגט און האָט צו זיי גערעדט די דאָזיגע ווערטער.

7. האָבען זיי געזאָגט צו איהם: ווארום זאָל רעדען מיין הערר אַזעלכע ווערטער? עס איז אונמעגליך פאַר דיינע קנעכט צו טהון אַזאַ זאַך.

8. דען דאָס געלד, וואָס מיר האָבען געפונען אין דער עפנונג פון אונזערע זעק, האָבען מיר דאָך צוריקגעבראַכט צו דיר פון לאַנד כנען, הייַנט ווי אַזוי וועלען מיר גנבה'נען פון דעם הערר'ס הויז זילבער אָדער גאָלד?

9. דער פון דיינע קנעכט, וואָס ביי איהם וועט זיך געפונען (דער בעכער), זאָל ער שטאַרבען, און אויך מיר וועלען מיר זיין קנעכט ביי מיין העררן.

10. האָט ער געזאָגט: דאָס מאָל זאָל זיין אַזוי ווי איהר זאָגט; דער, וואָס ביי איהם וועט ער זיך געפונען, זאָל מיר ווערען אַ קנעכט, און איהר וועט זיין ריין.

11. האָבען זיי געאייַלט און אַראָבגענומען יעדער זיין זאַק אויף דער ערד, און האָבען אויפגעעפענט יעדער זיין זאַק.

12. און ער האָט געזוכט; פון גרויסען האָט ער אָנגעהויבען און ביי'ם קליינעם האָט ער געענדיגט. און דער בעכער איז געפונען געוואָרען אין בנימין'ס זאַק.

13. האָבען זיי צעריסען זייערע קליידער און יעדער האָט אַרויפגעלאָדען (די משׂא) אויף זיין אייזעל, און זיי האָבען צוריקגעקעהרט אין שטאָדט.

14. און יהודה און זיינע ברידער זענען געקומען אין יוסף'ס הויז, און ער איז נאָך דאָרט געווען, זענען זיי געפאַלען פאַר איהם צו דער ערד.

15. האָט יוסף צו זיי געזאָגט: וואָס איז דאָס די דאָזיגע זאַך, וואָס איהר האָט געטהון? צי דען האָט איהר נישט געוואוסט, דאָס אַזאַ מענש ווי איך טהוט כישוף?

16. האָט יהודה געזאָגט: וואָס זאָלען מיר זאָגען צו מיין

הערן, וואס זאָלען מיר רעדען און וואָס זאָלען מיר זיך פֿערענט־פֿערן! גאָט האָט אַנגעטראָפֿען די זינד פון דיינע קנעכט. מיר זיינען קנעכט ביי אונזער הערר, אי מיר, אי דער, וואָס און זיין האַנד איז געפֿונען געוואָרען דער בעכער.

17. דאָט (יוסף) געזאָגט: חָלִילָה, איך זאָל דאָס טהון! דער מענש, וואס און זיין האַנד איז געפֿונען געוואָרען דער בעכער, דער וועט זיין ביי מיר אַ קנעכט, און איהר געהט זיך אַרויף און פֿריעדען צו אייער פֿאָטער.

## עלפטע סֵדְרָה: וַיִגַשׁ.

18. און יְהוּדָה צוגעגאַנגען צו איהם און האָט געזאָגט: איך בעט דיך, מיין הערר! זאָל דיין קנעכט רעדען אַ וואָרט פֿאַר די אויערען פון מיין הערן, און זאָל דיין צאָרן נישט אויפֿברענען אויף דיין קנעכט, דען דו ביזט דאָך ווי פַּרְעה.

19. מיין הערר האָט זיינע קנעכט אַזוי געפֿרעגט: צי האָט איהר אַ פֿאָטער אָדער אַ ברודער?

20. האָבען מיר געזאָגט צו מיין הערן: מיר האָבען אַ אַלטען פֿאָטער און ער האָט אַ קליין קינד פֿון דער עלטער, וואָס זיין ברודער איז געשטאָרבען, און ער איז געבליבען אַליין ביי זיין מוטער, און זיין פֿאָטער האָט איהם ליעב.

21. האָסטו געזאָגט צו דיינע קנעכט: ברענגט איהם אַראָב צו מיר, וועל איך אַקוק טהון אויף איהם.

22. האָבען מיר געזאָגט צו מיין הערן: דאָס יינגעל קאָן נישט פֿערלאָזען זיין פֿאָטער, דען אויב עס וועט פֿערלאָזען זיין פֿאָטער, וועט עס שטאַרבען.

23. האָסטו געזאָגט צו דיינע קנעכט: אויב אייער קליינער ברודער וועט נישט אַראָבקומען מיט אייך, זאָלט איהר מעהר נישט זעהן מיין אַנגעזיכט.

24. און עס איז געשעהן, ווען מיר זיינען אַרויפֿגעקומען צו

דיַין קנעֶכט, מיַין פָאטעֶר, האָבּעֶן מיר איהם געֶזאָגט מיַין העֶררנס ווערטעֶר;

25. האָט אונזעֶר פָאטעֶר געֶזאָגט: קעֶהרט צוריק, קויפט אונז אַביסעֶל שפּיַיז.

26. האָבּעֶן מיר געֶזאָגט: מיר קאָנעֶן ניט אַראָבּגיעדעֶרן. אויבּ אונזעֶר קלײנעֶר בּרודעֶר וועֶט זיַין מיט אונז, וועֶלעֶן מיר אַראָבּגיעדעֶרן, דעֶן מיר קאָנעֶן נישט זעֶהן דעֶם מאַנס אַנגעֶזיכט, וועֶהרעֶנד אונזעֶר קלײנעֶר בּרודעֶר איז נישט מיט אונז.

27. האָט דיַין קנעֶכט, מיַין פָאטעֶר, געֶזאָגט צו אונז: איהר ווייסט, דאָס צוויי האָט מיר מיַין וויַיבּ געֶבּאָרעֶן,

28. און אײנעֶר איז אַוועֶקגעֶגאַנגעֶן פון מיר, און איך האָבּ געֶזאָגט: עֶר איז געֶוויס צעֶריסעֶן געֶוואָרעֶן, און איך האָבּ איהם בּיז איצט נישט געֶזעֶהן;

29. און איצט וועֶט איהר אויך דעֶם צונעֶהמעֶן פון מיר, און אויבּ עֶס וועֶט איהם טרעֶפֶעֶן אַ אונגליק, וועֶט איהר אַראָבּפיהרעֶן מיַין עֶלטעֶר מיט טרויעֶר אין גרוּבּ אַריַין.

30. און איצט, אויבּ איך וועֶל קומעֶן צו דיַין קנעֶכט, מיַין פָאטעֶר, און דאָס יונגעֶל וועֶט מיט אונז נישט זיַין, און זיַין זעֶעֶלע איז צוגעֶבּונדעֶן צו זיַין זעֶעֶלע,

31. און ווי עֶר וועֶט דעֶרזעֶהן, אַז דאָס יונגעֶל איז נישטאָ, וועֶט עֶר שטאַרבּעֶן, און דיַינעֶ קנעֶכט וועֶלעֶן אַראָבּפיהרעֶן די עֶלטעֶר פון דיַין קנעֶכט, אונזעֶר פָאטעֶר, מיט טרויעֶר אין גרוּבּ אַריַין.

32. דעֶן איך, דיַין קנעֶכט, האָבּ עֶרבּ געֶוועֶן מיַין פָאטעֶר פאַר'ן יונגעֶל און האָבּ געֶזאָגט: אויבּ איך וועֶל איהם דיר נישט בּרענגעֶן, וועֶל איך זיַין זינדיג פאַר מיַין פאטעֶר אַלעֶ טעֶג.

33. און איצט לאָ'ם איך, דיַין קנעֶכט, בּליַיבּעֶן אַנשטאָט דעֶם יונגעֶל אַ קנעֶכט בּיַי מיַין העֶרר'ן, און דאָס יונגעֶל זאָל אַרויפגעֶהן מיט זיַינעֶ בּרידעֶר.

34. דעֶן ווי אַזוי קאָן איך אַרויפקומעֶן צו מיַין פָאטעֶר, ווען דאָס יונגעֶל איז נישטאָ מיט מיר, און איך קאָן דעֶרזעֶהן דאָס אונגליק, וואָס עֶס וועֶט מיַין פָאטעֶר טרעֶפעֶן.

# קאַפּיטעל 45.

1. האָט זִיךְ יוֹסֵף שׁוֹין מֶעהר נִישט גֶעקאָנט אַיינהאַלטֶען פֿאַר דִי אַלֶע, וואָס זֶענֶען געֶשטאַנֶען נֶעבֶען אִיהם, אוּן עֶר האָט אויסגעֶרוּפֶֿען: פֿיהרט אַרוֹיס יעֶדֶען מאַן פֿוּן מִיר. אוּן עֶס אִיז קֵיין מאַן נִישט גֶעבּלִיעבֶּען שטֶעהן, ווען עֶר האָט זִיךְ געֶמאַכט דעֶרקֶענֶען פֿאַר זַיינֶע בּרִידֶער.

2. אוּן עֶר האָט אָנגעֶהוֹיבֶּען הוֹיך וויינֶען, האָבֶּען דאָס גֶעהֶערט דִי מִצְרִים אוּן מֶען האָט דאָס דֶערהֶערט אִין פּרעה'ס הוֹיז.

3. אוּן יוֹסֵף האָט גֶעזאָגט צוּ זַיינֶע בּרִידֶער: אִיךְ בִּין יוֹסֵף, צִי לֶעבּט נאָךְ מַיין פֿאָטֶער? נאָר זַיינֶע בּרִידֶער האָבֶּען אִיהם נִישט גֶעקאָנט עֶנטפֿעֶרן, דעֶן זֵיי זֶענֶען דֶערשראָקֶען גֶעוואָרֶען פֿאַר אִיהם.

4. האָט יוֹסֵף גֶעזאָגט צוּ זַיינֶע בּרִידֶער: קוּמט צוּ צוּ מִיר. זֶענֶען זֵיי צוּגֶעגאַנגֶען. האָט עֶר גֶעזאָגט: אִיךְ בִּין אַייעֶר בּרוּדֶער יוֹסֵף, וואָס אִיהר האָט מִיךְ פֶערקוֹיפֿט קֵיין מִצְרִים.

5. אוּן אִיצט זאָלט אִיהר נִישט זַיין טרוֹיעֶרִיג אוּן עֶס זאָל אַייךְ נִישט פֿעֶרדרִיסֶען, וואָס אִיהר האָט מִיךְ פֿעֶרקוֹיפֿט אַהעֶר, דעֶן צוּ דעֶרהאַלטעֶן אַייעֶר לעֶבּעֶן האָט מִיךְ גאָט גֶעשִׁיקט אַהעֶר פֿאַר אַייךְ.

6. דעֶן שׁוֹין צוויי יאָהר, ווִי דעֶר הוּנגעֶר (הֶערשׁט) אִין לאַנד, אוּן נאָךְ פִינְף יאָהר וועט מעֶן נִישט אַקעֶרעֶן אוּן שׁנַיידעֶן.

7. האָט מִיךְ גאָט געֶשִׁיקט פֿאַר אַייךְ, כּדי צוּ לאָזעֶן אַייךְ אִיבּעֶרבּלַייבּעֶן אוֹיף דעֶר עֶרד אוּן צוּ דעֶרהאַלטעֶן אַייעֶר לעֶבּעֶן דוּרךְ אַ גרוֹיסעֶר רעֶטוּנג.

8. אַלזאָ נִישט אִיהר האָט מִיךְ אַהעֶר גֶעשִׁיקט, נאָר גאָט, אוּן עֶר האָט מִיךְ געֶמאַכט פֿאַר פּרעה'ס פֿאָטעֶר אוּן פֿאַר אַ העֶרר אִיבּעֶר זַיין גאַנץ הוֹיז אוּן אַ העֶרשׁעֶר אִין גאַנצעֶן לאַנד מִצְרים.

9. אַייַלט אוּן גֶעהט אַרוֹיף צוּ מַיין פֿאָטעֶר אוּן זאָגט אִיהם: אַזוֹי האָט דַיין זוּהן יוֹסֵף געֶזאָגט: גאָט האָט מִיךְ געֶמאַכט פֿאַר אַ הֶערר אִיבּעֶר גאַנץ מִצְרים. קוּם אַראָבּ צוּ מִיר, זאַם זִיךְ נִישט.

10. אוּן דוּ וועֶסט זִיצעֶן אִין לאַנד גֹשֶׁן אוּן וועֶסט זַיין

נאָהנט צו מיר, דו און דיינע קינדער און דיינע קינדסקינדער און דיינע שאָף און דיינע רינדער און אַלץ, וואָס דו האָבסט.

11. און איך וועל דיך דאָרט שפּייזען, דען נאָך פֿינף יאָהר וועט זיין אַ הונגער, אום דו זאָלסט ניכט פֿעראָרעמט ווערען, דו און דיין הויז און אַלץ, וואָס דו האָסט.

12. און אָט זעהען דאָך אייערע אויגען און די אויגען פֿון מיין ברודער בנימין, דאָס מיין מויל רעדט דאָס צו אייך.

13. און איהר זאָלט דערצעהלען מיין פֿאָטער מיין גאַנצען כּבוד אין מצרים און אַלץ, וואָס איהר האָט געזעהן, און איהר זאָלט גיך אַראָבברענגען מיין פֿאָטער אַהער.

14. און ער איז געפֿאַלען אויפֿ'ן האַלז פֿון זיין ברודער בנימין און האָט געוויינט, און בנימין האָט געוויינט אויף זיין האַלז.

15. און ער האָט געקושט זיינע אַלע ברידער און האָט גע-וויינט מיט זיי, און דערנאָך האָבען זיינע ברידער גערעדט מיט איהם.

16. און דער קלאַנג איז אָנגעקומען אין פּרעה'ס הויז און מען האָט געזאָגט: יוסף'ס ברידער זענען געקומען. איז די זאַך געפֿעלען געוואָרען פּרעה'ן און זיינע קנעכט.

17. און פּרעה האָט געזאָגט צו יוסף'ן: זאָג דיינע ברידער: אַזוי זאָלט איהר טהון: בעלאַדעט אייערע בהמות און געהט און קומט אין לאַנד כּנען,

18. און נעהמט אייער פֿאָטער און אייערע הויזגעזינד און קומט צו מיר, און איך וועל אייך געבען דאָס בעסטע אין לאַנד מצרים און איהר וועט עסען דאָס פֿעטס פֿון לאַנד.

19. און דיר איז בעפֿוילען זיי צו זאָגען: אַזוי זאָלט איהר טהון: נעהמט אייך פֿון לאַנד מצרים וואָגענס פֿאַר אייערע קליינע קינדער און פֿאַר אייערע ווייבער, און נעהמט אייער פֿאָטער און קומט.

20. און איהר זאָלט ניכט שאָנען אייערע זאַכען, דען דאָס בעסטע פֿון גאַנצען לאַנד מצרים איז אייערס.

21. און ישׂראל'ס זיהן האָבען אַזוי געטהון, און יוסף האָט

זײ געגעבען װאָגענס לױט פּרעה'ס בעפֿעהל, אונ ער האָט זײ גע-
געבען שפּײז אױפֿ'ן װעג.

22. אַלעמען האָט ער געגעבען אַ אַנצוג קלײדער יעדען,
אונ בנימינ'ן האָט ער געגעבען דרײַ־הונדערט זילבער־מַטְבֵּעוֹת אונ
פֿינף אַנצוגער קלײדער.

23. אונ פֿאַר זײַן פֿאָטער האָט ער געשיקט פֿאָלגענדעס:
צעהן עזלען, װאָס טראָגען פֿון דאָס בעסטע פֿון מצרים, אונ צעהן
עזלינען, װאָס טראָגען תּבוּאָה אונ ברױט אונ שפּײַז פֿאַר זײַן פֿאָטער
אױפֿ'ן װעג.

24. אונ ער האָט אָבגעשיקט זײַנע ברידער אונ זײ זענען
אַװעקגעגאַנגען, אונ ער האָט געזאָגט צו זײ: איהר זאָלט זיך ניט
קריגען אין װעג.

25. אונ זײ זענען אַרױפֿגעגאַנגען פֿון מצרים אונ זענען גע-
קומען אין לאַנד כנען צו זײער פֿאָטער יעקב,

26. אונ זײ האָבען איהם אָנגעזאָגט: יוֹסֵף לעבט נאָך אונ
הערשט אין גאַנצען לאַנד מצרים, איז איהם דאָס האַרץ אָבגע-
שװאַכט געװאָרען, דען ער האָט זײ ניט געגלױבט.

27. האָבען זײ איהם דערצעהלט אַלע יוֹסֵף'ס װערטער, װאָס
ער האָט גערעדט צו זײ, אונ ער האָט געזעהן די װאָגענס, װאָס
יוֹסֵף האָט געשיקט איהם צו פֿיהרען, האָט דער גײַסט פֿון זײער
פֿאָטער יַעֲקֹב אָבגעלעבט.

28. אונ יִשְׂרָאֵל האָט געזאָגט: גענוג, עס לעבט נאָך מײַן
זוהן יוֹסֵף! איך װעל געהן אונ װעל איהם זעהן אײדער איך װעל
שטאַרבען.

## קאַפּיטעל 46.

1. אונ יִשְׂרָאֵל אונ אַלין, װאָס ער האָט געהאַט, האָט גע-
צױגען אונ איז געקומען קײן בְּאֵר־שֶׁבַע, אונ ער האָט געשאָכטען
קָרְבָּנוֹת פֿאַר דעם גאָט פֿון זײַן פֿאָטער יִצְחָק.

2. און גאָט האָט געזאָגט צו ישראל'ן אין דער נאַכט-זעהעניש: יעקב, יעקב! האָט ער געזאָגט: דאָ בין איך.

3. האָט ער געזאָגט: איך בין דער גאָט, דער גאָט פון דיין פאָטער. דו זאָלסט נישט מורא האָבען אַראָבצוגייערן קיין מצרים, דען איך וועל פון דיר דאָרט מאַכען אַ גרויס פאָלק.

4. איך וועל אַראָבגייערן מיט דיר קיין מצרים, איך וועל דיך אויך צוריק אַרויפפיהרען, און יוסף וועט לעגען זיין האַנד אויף דיינע אויגען.

5. און יעקב איז אויפגעשטאַנען פון באר-שבע, און ישראל'ס זיהן האָבען געפיהרט זייער פאָטער יעקב און זייערע קליינע קינדער און זייערע ווייבער אין די וואָגענס, וואָס פרעה האָט געשיקט איהם צו פיהרען.

6. און זיי האָבען גענומען זייערע פיה און זייער פערמעגען, וואָס זיי האָבען אָנגעזאַמעלט אין לאַנד כנען, און זענען געקומען קיין מצרים, יעקב און זיינע אַלע קינדער מיט איהם.

7. זיינע זיהן און די זיהן פון זיינע זיהן מיט איהם, זיינע טעכטער און די טעכטער פון זיינע זיהן און זיינע אַלע קינדער האָט ער געבראַכט מיט זיך קיין מצרים.

8. און דאָס זענען די נעמען פון ישראל'ס קינדער, וואָס זענען געקומען קיין מצרים. יעקב און זיינע זיהן. יעקב'ס בכור: ראובן.

9. און ראובנ'ס זיהן: חנוך און פלוא און חצרון און כרמי.

10. און שמעונ'ס זיהן: ימואל און ימין און אהד און יכין און צוחר און שאול דער זוהן פון אַ כנענית.

11. און לוי'ס זיהן: גרשון, קהת און מררי.

12 און יהודה'ס זיהן: ער און אונן און שלה און פרץ און זרח. און ער און אונן זענען געשטאָרבען אין לאַנד כנען, און פרץ'ס זיהן זענען געווען: חצרון און חמול.

13. און יששכר'ס זיהן: תולע און פוה און יוב און שמרון.

14. און זבולונ'ס זיהן: סרד און אלון און יחלאל

15. דאָס זענען לאה'ס זיהן, וואָס זי האָט יעקב'ן געבאָרען

אין פַּדַּן אֲרָם, און אויך זיין טאָכטער דִינָה. אַלֶע פּערזאָנען פון זיינע זיהן און טעכטער (זענען) דרייא און דרייסיג.

16. און גָד'ס זיהן: צִפְיוֹן און חַגִּי, שׁוּנִי און אֶצְבּוֹן, עֵרִי און אֲרוֹדִי און אַרְאֵלִי.

17. און אָשֵׁר'ס זיהן: יִמְנָה און יִשְׁוָה און יִשְׁוִי און בְּרִיעָה און זייער שוועסטער שֶׂרַח, און בְּרִיעָה'ס זיהן: חֶבֶר און מַלְכִּיאֵל.

18. דאָס זענען די זיהן פון זִלְפָּה, וואס לָבָן האָט געגעבען זיין טאָכטער לאָה'ן, און זי האָט די דאָזיגען געבאָרען יעקב'ן: זעכצעהן פערזאָן.

19. די זיהן פון רָחֵל, יַעֲקֹב'ס ווייב: יוֹסֵף און בִּנְיָמִין.

20. און ביי יוסף'ן זענען געבאָרען געוואָרען אין לאַנד מצרים, וואס עס האָט איהם געבאָרען אָסְנַת, די טאָכטער פון פּוֹטִיפֶרַע, דער פּריסטער פון און: מְנַשֶּׁה'ן און אֶפְרַיִם'ן.

21. און בִּנְיָמִנ'ס זיהן: בֶּלַע און בֶּכֶר און אַשְׁבֵּל, גֵּרָא און נַעֲמָן, אֵחִי און רֹאשׁ, מֻפִּים און חֻפִּים און אָרְדְּ.

22. דאָס זענען רחל'ס זיהן, וואס זענען געבאָרען געוואָרען ביי יעקב'ן: פירצעהן פערזאָנען.

23. און דָן'ס זיהן: חוּשִׁים.

24. און נַפְתָּלִי'ס זיהן: יַחְצְאֵל און גוּנִי און יֵצֶר און שִׁלֵּם.

25. דאָס זענען די זיהן פון בִּלְהָה, וואס לבן האָט געגעבען זיין טאָכטער רחל'ן, און זי האָט געבאָרען יעקב'ן די דאָזיגע: זיעבען פערזאָנען.

26. אַלֶע פערזאָנען, וואס זענען געקומען מיט יעקב'ן אין מצרים, וואס זענען אַרויסגעגאַנגען פון זיינע לענדען, אויסער די ווייבער פון יעקב'ס זיהן, זענען געוועזען זעקס און זעכציג.

27. און יוסף'ס זיהן, וואס זענען ביי איהם געבאָרען געוואָרען אין מצרים, זענען געוועזען צוויי פערזאָנען. אַלֶע פערזאָנען פון יעקב'ס הויז, וואס זענען געקומען אין מצרים, זענען געוועזען זיעבציג.

28. און יהודה'ן האָט ער געשיקט פאָרויס צו יוסף'ן, ער

זאָל איהם פֿאָרויס ווײַזען (דעם וועג) קיין גושן, און זיי זענען געקומען אין לאַנד גושן.

29. און יוסף האָט אײַנגעשפּאַנט זײַן וואָגען און ער איז אַרויפֿגעפֿאָהרען קעגען זײַן פֿאָטער ישׂראל קיין גושן; און ער האָט זיך מיט איהם געזעהן און איז געפֿאַלען אויף זײַן האַלז און האָט לאַנג געוויינט אויף זײַן האַלז.

30. האָט ישׂראל געזאָגט צו יוסף'ן: איצט קאָן איך שטאַרבען, נאָכדעם ווי איך האָב געזעהן דײַן אַנגעזיכט, דאָס דו לעבסט נאָך.

31. און יוסף האָט געזאָגט צו זײַנע ברידער און צו זײַן פֿאָטערס הויזגעזינד: איך וועל געהן און דערצעהלען פּרעה'ן און וועל זאָגען צו איהם: מײַנע ברידער און מײַן פֿאָטערס הויזגעזינד פֿון לאַנד כנען זענען געקומען צו מיר.

32. און די מענער זענען געהען פּאַסטוכער פֿון שאָף, דען זיי האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט פֿיה, און זיי האָבען מיטגעבראַכט זייערע שאָף און רינדער און אַלץ, וואָס זיי האָבען געהאַט.

33. און עס וועט זײַן, ווען פּרעה וועט אײַך רופֿען און וועט זאָגען: וואָס איז אײַער בעשעפֿטיגונג?

34. זאָלט איהר זאָגען: מיט פֿיה האָבען זיך דײַנע קנעכט בעשעפֿטיגט פֿון אונזער יוגענד און ביז איצט, אַזוי מיר, אַזוי אויך אונזערע עלטערן, — אום איהר זאָלט וואָהנען אין לאַנד גושן, דען פֿאַר די מצרים איז מיאוס יעדער פּאַסטוך פֿון שאָף.

## קאַפּיטעל 47.

1. און יוסף איז געקומען און האָט דערצעהלט פּרעה'ן און האָט געזאָגט: מײַן פֿאָטער און מײַנע ברידער און זייערע שאָף און רינדער און אַלץ, וואָס זיי האָבען, זענען געקומען פֿון לאַנד כנען, און זיי זענען אין לאַנד גושן.

2. און פֿון צווישען זײַנע ברידער האָט ער גענומען פֿינף מענער און האָט זיי פֿאָרגעשטעלט פֿאַר פּרעה'ן.

3. און פרעה האָט געזאָגט צו זיינע ברידער: וואָס איז אייער בעשעפֿטיגונג? האָבען זיי געזאָגט צו פרעה'ן: פאַסטוכער פון שאָף זענען דיינע קנעכט, אַזוי מיר אַזוי אויך אונזערע עלטערן.

4. און זיי האָבען געזאָגט צו פרעה'ן: צו וואָהנען אין לאַנד זענען מיר געקומען, דען עס איז נישטאָ קיין פאַשע פאַר די שאָף פון דיינע קנעכט, ווייל דער הונגער איז שווער אין לאַנד כנען, און איצט זאָלען דיינע קנעכט זיצען אין לאַנד גושן.

5. האָט פרעה אַזוי געזאָגט צו יוסף'ן: דיין פאָטער און דיינע ברידער זענען געקומען צו דיר;

6 דאָס לאַנד מצרים איז פֿאַר דיר; און דעם בעסטען אָרט פֿון לאַנד בעזעץ דיין פֿאָטער און דיינע ברידער; זאָלען זיי וואָהנען אין לאַנד גושן. און אויב דו ווייסט, דאָס עס זענען פֿערהאַן צווישען זיי טיכטיגע לייט, זאָלסטו זיי אויפֿנעהמען פֿאַר אָבער־אויפֿזעהער איבער מיינע פֿיה.

7. און יוסף האָט געבראַכט זיין פֿאָטער יעקב און האָט איהם פֿאָרגעשטעלט פֿאַר פרעה'ן, און יעקב האָט געבענשט פרעה'ן.

8. האָט פרעה געזאָגט צו יעקב'ן: וויפֿיעל זיינען די טעג פון דיינע לעבענס־יאָהרען?

9. האָט יעקב געזאָגט צו פרעה'ן: די טעג פון מיינע וואַנ־דערונגס־יאָהרען זענען הונדערט און דרייסיג יאָהר. ווייניג און שלעכט זענען געוועזען די טעג פֿון מיינע לעבענס־יאָהרען און זיי האָבען נישט דערגרייכט די טעג פֿון מיינע עלטערנס לעבענס־יאָהרען אין די טעג פֿון זייער וואַנדערשאַפֿט.

10. און יעקב האָט געבענשט פרעה'ן און איז אַרויסגעגאַנגען פֿון פרעה'ס אַנגעזיכט.

11. און יוסף האָט בעזעצט זיין פֿאָטער און זיינע ברידער און ער האָט זיי געגעבען אַ אייגענטהום אין לאַנד מצרים, אין דעם בעסטען טהייל פֿון לאַנד, אין לאַנד רַעְמְסֵס, אַזוי ווי פרעה האָט בעפֿוילען.

12. און יוסף האָט געשפייזט זיין פֿאָטער און זיינע ברידער

און דאָס גאַנצע הויז-געזינד פֿון זײַן פֿאָטער מיט ברויט לויט דער צאָהל פֿון די קינדער.

13. און עס נישט געװעזען קיין ברויט אין גאַנצען לאַנד, דען דער הונגער איז זעהר שוועהר געוואָרען, און עס איז פֿער־שמאַכט געוואָרען דאָס לאַנד מצרים און דאָס לאַנד כנען פֿון דעם הונגער.

14. און יוסף האָט אויפגעזאַמעלט דאָס גאַנצע געלד, וואָס האָט זיך געפֿונען אין לאַנד מצרים און אין לאַנד כנען, פֿאַר די תבואה, וואָס זיי האָבען געקויפֿט, און יוסף האָט געבראַכט דאָס געלד אין פרעה'ס-הויז.

15. און עס איז אויסגעגאַנגען דאָס געלד פֿון לאַנד מצרים און פֿון לאַנד כנען, זענען אַלע (איינוואָהנער פֿון) מצרים געקומען צו יוסף'ן און האָבען געזאָגט: גיעב אונז ברויט! דען פֿאַרוואָס זאָלען מיר שטאַרבען פֿאַר דיר? דען עס איז אויסגעגאַנגען דאָס געלד.

16. האָט יוסף געזאָגט: גיעט אייערע פֿיה, וועל איך אייך געבען (תבואה) פֿאַר אייערע פֿיה, אויב דאָס געלד איז אויס־געגאַנגען.

17. האָבען זיי געבראַכט זייערע פֿיה צו יוסף'ן, און יוסף האָט זיי געגעבען ברויט פֿאַר די פֿערד און פֿאַר די סטאַדעס שאָף און פֿאַר די סטאַדעס רינדער און פֿאַר די עזלען, און ער האָט זיי בעזאָרגט מיט ברויט אין יענעם יאָהר פֿאַר זייערע אַלע פֿיה.

18. אין עס האָט זיך אויסגעלאָזט יענעם יאָהר, זענען זיי געקומען צו איהם אין צווייטען יאָהר און האָבען געזאָגט צו איהם: מיר וועלען נישט פֿערלייקענען פֿון אונזער הערר, דאָס עס איז אויסגעגאַנגען דאָס געלד, און די פֿיה און בהמות (זענען איבערגעגאַנגען) צו מיין הערען; עס איז שוין נישט געבליבען פֿאַר אונזער העררן נאָר אונזער קערפּער און אונזער ערד.

19. פֿאַרוואָס זאָלען מיר שטאַרבען פֿאַר דיר אין די אויגען, אי מיר, אי אונזער ערד? קויף אונז און אונזער ערד פֿאַר ברויט און מיר וועלען זיין, מיר און אונזער ערד, קנעכט ביי פרעה'ן,

אוּן נִיעבּ זאָמען, וועלען מִיר לעבּען אוּן נִישׁט שׁטאַרבּען, אוּן דִי
ערד וועט נִישׁט פערוויסט ווערען.

20. האָט יוסף אָבּגעקױפט דאָס גאַנצע ערד פוּן מצרים פאַר
פּרעה׳ן, דען דִי מִצְרִים האָבּען פערקױפט יעדער זײַן פעלד, דען
דער הוּנגער האָט זִיךְ בּײַ זײ געשׁטאַרקט; אִיז דִי גאַנצע ערד גע־
הערען פּרעה׳ס.

21. אוּן דאָס פאָלק האָט ער אַריבּערגעפיהרט אִין דִי שׁטעדט,
פוּן אײן עק פוּן מצרים׳ס גרענעץ בּיז׳ן אַנדערן עק.

22. נאָר דִי ערד פוּן דִי פּרִיעסטער האָט ער נִישׁט געקױפט,
דען דִי פּרִיעסטער האָבּען בּעקוּמען אַ בּעשׁטִימטען טײל פוּן פּרעה׳ן,
אוּן זײ האָבּען גענעסען דעם בּעשׁטִימטען טײל, וואָס פּרעה האָט
זײ געגעבּען, דעריבּער האָבּען זײ נִישׁט פערקױפט זײער ערד.

23. אוּן יוסף האָט געזאָגט צוּם פאָלק: אַזוֹי ווִי אִיךְ האָבּ
הײַנט אָבּגעקױפט אײַך אוּן אײַער ערד פאַר פּרעה׳ן, דעריבּער נאַט
אײַך זאָמען אוּן זײעט דִי ערד.

24. אוּן עס וועט זײַן, ווען אִיהר וועט שׁנײַדען דִי תּבוּאוֹת,
זאָלט אִיהר אַ פִינפט־חלק געבּען פּרעה׳ן, אוּן פִיער־טײל זאָל זײַן
פאַר אײַך אוֹיף צוּ זײען דאָס פעלד אוּן צוּ׳ם עסען פאַר אײַך אוּן
פאַר אײַערע הױזגעזִינדער אוּן פאַר אײַערע קלײנע קִינדער.

25. האָבּען זײ געזאָגט: דוּ האָסט אוּנז דערהאַלטען בּײַ׳ם
לעבּען; לאָ׳מִיר געפִינען לײַטזעלִיגקײט אִין דִי אױגען פוּן מײַן
הערר, אוּן מִיר וועלען זײַן קנעכט בּײַ פּרעה׳ן.

26. אוּן יוסף האָט דאָס געמאַכט פאַר אַ געזעץ בּיז הײַנטִיגען
טאָג אוֹיף דער ערד פוּן מצרים, דאָס אַ פִינפט־חלק געהער פּרעה׳ן;
נאָר דִי ערד פוּן דִי פּרִיעסטער אַלײן אִיז נִישׁט געװאָרען פּרעה׳ס.

27. אוּן ישׂראֵל אִיז געזעסען אִין לאַנד מצרים, אִין לאַנד
גשן, אוּן עס אִיז געוואָרען זײער אײַגענטוּם, אוּן זײ האָבּען זִיךְ
זעהר געפרוּכטפערט אוּן פערמעהרט.

## צוועלפטע סֶדְרָה: וַיְחִי.

28. און יעקב האָט געלעבט אין לאַנד מצרים זיעבצעהן יאָהר. און עס איז געוועזען די צייט פון יעקב'ס לעבען: זיעבען יאָהר און פיערציג און הונדערט יאָהר.

29. און עס איז אָנגעקומען ישראל'ס צייט צו שטאַרבען, און ער האָט גערופען זיין זוהן יוסף'ן און האָט געזאָגט צו איהם: אויב איך האָב געפונען ליעבשאַפט אין דיינע אויגען, לעג אַרונ-טער דיין האַנד אונטער מיין זייט, און זאָלסט טהון מיט מיר אַ גנאָד און אַ טרייהייט: דו זאָלסט מיך נישט בעגראָבען אין מצרים.

30. נאָר איך וועל ליעגען מיט מיינע פאָטערס; און דו זאָלסט מיך אַוועקטראָגען פון מצרים און זאָלסט מיך בעגראָבען אין זייער בעגרעבניש. האָט (יוסף) געזאָגט: איך וועל טהון לויט דיינע ווערטער.

31. האָט ער געזאָגט: שווער מיר צו. האָט ער איהם גע-שוואָרען. און ישראל האָט זיך געבוקט אויפ'ן צוקאָפּענס פון בעט.

## קאַפּיטעל 48.

1. און עס איז געוועזען נאָך די דאָזיגע געשעהענישען, האָט מען אָנגעזאָגט יוסף'ן: דיין פאָטער איז קראַנק. האָט ער גענומען זיינע צוויי זיהן מיט זיך: מְנַשֶּׁה'ן און אֶפְרַיִם'ן.

2. און מען האָט וויסען געגעבען יעקב'ן און מען האָט גע-זאָגט: אָט קומט אָן צו דיר דיין זוהן יוסף. האָט זיך ישראל גע-שטאַרקט און האָט זיך געזעצט אויפ'ן בעט.

3. און יעקב האָט געזאָגט צו יוסף'ן: דער אַלמעכטיגער גאָט האָט זיך צו מיר בעוויזען אין לוז אין לאַנד כנען, און האָט מיך געבענשט,

4. און האָט געזאָגט צו מיר: איך וועל דיך מאַכען פרוכט-באַר און וועל דיך פערמעהרען און וועל מאַכען פון דיר אַ מענגע

שֶׁעלְקֶער, און ווֶעל אָבגֶעבֶען דָאס דָאזִיגֶע לַאנד דֵיינֶע קִינדֶער נָאך דִיר פַאר אַ עֶבִּיגֶעם אַייגֶענטוּם.

5. און אִיצְט, דֵיינֶע צְווַיי זִיהְן, וואָס זֶענֶען בַּיי דִיר גֶע־בּאָרֶען גֶעוואָרֶען אִין לַאנד מצרים, אֵיידֶער אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ דִיר קֵיין מצרים, זאָלֶען זַיי מֵיינֶע זַיין; אֶפְרַיִם און מְנַשֶּׁה זאָלֶען מֵיינֶע זַיין אַזוֹי ווִי רְאוּבֵן און שִׁמְעוֹן.

6. און דֵיינֶע קִינדֶער, וואָס ווֶעלֶען בַּיי דִיר גֶעבּאָרֶען ווֶערֶען נָאךְ זַיי, זאָלֶען זַיי דֵיינֶע זַיין, אוֹיף'ן נאָמֶען פוּן זַיירֶע בְּרִידֶער זאָלֶען זַיי אָנגֶערוּפֶען ווֶערֶען אִין זַייעֶר עֶרְב־טֵייל.

7. און אִיךְ, ווֶען אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען פוּן פַּדָּן, אִיז מִיר גֶע־שְׁטאָרְבֶּען רָחֵל אִין לַאנד כנען, אִין ווֶעג, ווֶען עֶס אִיז נָאךְ גֶעוֶוען אַ שְׁטרֶעקֶע עֶרד צוּ קוּמֶען קֵיין אֶפְרָת, און אִיךְ הָאבּ זִי דָארְט בֶּעגְ־ראָבֶען אוֹיפ'ן ווֶעג קֵיין אפרת, דָאס אִיז בֵּית־לֶחֶם.

8. און יִשְׂרָאֵל הָאט דֶערזֶעהן יוֹסֵף'ס זִיהן, הָאט עֶר גֶעזָאגְט: ווֶער זֶענֶען דִי?

9. הָאט יוסף גֶעזָאגְט צוּ זַיין פָאטֶער: דָאס זֶענֶען מֵיינֶע זִיהן, וואָס גָאט הָאט מִיר דָא גֶעגֶעבֶּען. הָאט יעקב גֶעזָאגְט: פִיהר זַיי צוּ צוּ מִיר, ווֶעל אִיךְ זַיי בֶּענְשֶׁען.

10. און יִשְׂרָאֵל'ס אוֹיגֶען זֶענֶען שְׁווֶער גֶעוואָרֶען פוּן אַלְטְקַייט, עֶר הָאט נִישְׁט גֶעקָאנְט זֶעהן. און (יוֹסֵף) הָאט זַיי צוּ אִיהם צוּגֶע־פִיהרְט, הָאט עֶר זַיי גֶעקוּשְׁט און זַיי גֶעהַאלְזְט.

11. און יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף'ן: אִיךְ הָאבּ מִיךְ שׁוֹין נִישְׁט גֶעגְלוֹיבְּט אפילו דִיךְ צוּ זֶעהן, און אָט הָאט מִיךְ גָאט גֶעווִיזֶען אוֹיךְ דֵיינֶע קִינדֶער.

12. הָאט יוֹסֵף זַיי אַרוֹיסגֶענוּמֶען פוּן צְווִישֶׁען זַיינֶע קְנִיה אִין הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט מִיט'ן אַנגֶעזִיכְט צוּ דֶער עֶרד.

13. און יוֹסֵף הָאט גֶענוּמֶען זַיי בֵּיידֶען: אֶפְרַיִם'ן בַּיי זַיין רֶעכְטֶער זַייט, אַקֶעגֶען יִשְׂרָאֵל'ס לִינקֶער זַייט, און מנשה'ן בַּיי זַיין לִינקֶער זַייט, אַקֶעגֶען יִשְׂרָאֵל'ס רֶעכְטֶער זַייט, און הָאט זַיי צוּגֶעפִיהרְט צוּ אִיהם.

14. האָט ישראל אויסגעשטרעקט זײַן רעכטע האַנד און האָט אַרויפגעלעגט אויף אפרים'ס קאָפּ, אויבוואָהל ער איז געוועזען דער יונגערער, און זײַן לינקע האַנד (האָט ער אַרויפגעלעגט) אויף מנשה'ס קאָפּ. ער האָט אומישנע פערלעגט זײַנע הענד, אויבוואָהל מנשה איז געוועזען דער בכור.

15. און ער האָט געבענשט יוסף'ן און האָט געזאָגט: דער גאָט, וואָס פאַר איהם זענען אַרומגעגאַנגען מײַנע עלטערן אברהם און יצחק, דער גאָט, וואָס ערנעהרט מיך פון זינט איך לעב ביז היינטיגען טאָג,

16. דער מלאך, וואָס לעזט מיך אויס פון יעדעם שלעכטס, זאָל בענשען די דאָזיגע קינדער, און עס זאָל ווערען אין זיי אָנגערופען מײַן נאָמען און דער נאָמען פון מײַנע פאָטערס אברהם און יצחק, און זיי זאָלען זיך שטאַרק פערמעהרען אויף דער ערד.

17. און יוסף האָט געזעהן, דאָס זײַן פאָטער האָט אַרויפגעלעגט זײַן רעכטע האַנד אויף אפרים'ס קאָפּ, איז עס איהם נישט געפעלען געוואָרען, און ער האָט אָנגענומען זײַן פאָטערס האַנד, זי אַראָבצונעהמען פון אפרים'ס קאָפּ (און אַרויפצולעגען) אויף מנשה'ס קאָפּ.

18. און יוסף האָט געזאָגט צו זײַן פאָטער: נישט אַזוי, מײַן פאָטער, דען דער איז דער בכור; לעג אַרויף דײַן רעכטע האַנד אויף זײַן קאָפּ.

19. האָט זײַן פאָטער נישט געוואָלט און האָט געזאָגט: איך ווייס, מײַן זוהן, איך ווייס; אויך פון איהם וועט ווערען אַ פאָלק און אויך ער וועט גרויס זײַן, נאָר זײַן קלענערער ברודער וועט זײַן גרעסער פון איהם, און פון זײַנע קינדער וועלען ווערען אַ מענגע פעלקער.

20. און ער האָט זיי יענעם טאָג געבענשט און האָט אַזוי געזאָגט: מיט דיר וועט ישראל בענשען און וועט אַזוי זאָגען: זאָל דיך גאָט מאַכען אַזוי ווי אפרים און מנשה. און ער האָט געשטעלט אפרים'ן פאַר מנשה'ן.

21. און ישׂראל האָט געזאָגט צו יוסף'ן אָט וועל איך שטאַר-
בען, און גאָט וועט זיין מיט אייך און וועט אייך צוריק ברענגען
אין לאַנד פון אייערע פאָטערס.

22. און איך גיעב דיר איין טייל מעהר ווי דיינע ברידער,
וואָס איך האָב צוגענומען פון דעם אֱמוֹרִי מיט מיין שווערד און מיט
מיין בויגען.

## קאַפּיטעל 49.

1. און יעקב האָט גערופען זיינע קינדער און האָט געזאָגט:
פערזאַמעלט זיך, וועל איך אייך זאָגען, וואָס עס וועט אייך טרעפען
אין די שפּעטערדיגע צייטען.

2. פערזאַמעלט זיך און הערט, יעקב'ס זיהן, און הערט אייער
פאָטער ישׂראל'ן.

3. ראובן! דו בּיזט מיין בּכוֹר, מיין קראַפט און מיין ערשטע
מאַכט, די גרעסטע ווירדע און די גרעסטע שטאַרקייט.

4. נאָר וויל דו בּיזט געוועזען לייכטזיניג ווי וואַסער, דעריבּער
זאָלסטו נישט זיין גרעסער (ווי דיינע ברודער), דען דו בּיזט אַרויפ-
געגאַנגען אויף דיין פאָטערס געלעגער, דאַן האָסטו פערשוועכט
מיין געלעגער מיט דיין אַרויפגעהן.

5. שמעון און לוי זענען ברידער, זייערע שווערדען זענען
ווערקצייג פון רויב.

6. אין זייער ראַט זאָל מיין זעעלע נישט קומען, אין זייער
פערזאַמלונג זאָל נישט פעראייניגט ווערען מיין עהרע, דען אין זייער
צאָרען האָבען זיי געהרגעט מענשען און מיט זייער ווילען האָבען זיי
אויסגעריסען אָקסען.

7. פערפלוכט זאָל זיין זייער כּעס, דען ער איז שטאַרק,
און זייער צאָרן, דען ער איז האַרט. איך וועל זיי צעטיילען צווישען
יעקב און וועל זיי פערשפּרייטען צווישען ישׂראל.

8. אָבער דו יהודה, דיך וועלען לויבען דיינע ברידער.

דײַן האַנד װעט זײַן אויף דעם נאַקען פון דײַנע פֿײַנד. צו דיר װעלען זיך בוקען דײַן פֿאָטערס זיהן.

9. אַ יונגער לײב איז יהודה. פֿון רויב, מײַן זיהן, ביזטו אויפגעקומען. ער האָט געקניהט און האָט זיך געלעגט אַזוי װי אַ לײב און אַזוי װי אַ לײבין; װער װעט איהם אויפשטעלען?

10. עס װעט נישט אָבגעטהון װערען דער סצעפּטער פֿון יהודה און קײן געזעצגעבער פֿון צװישען זײַנע קינדער, ביז עס װעט קומען דער, װאָס צו איהם געהער די הערשאַפֿט, און איהם װעלען פֿאָלגען פֿעלקער.

11. ער בינדט צו צו'ם װײַנשטאָק זײַן יונגען עזעל און צו'ם ערעלסטען װײַנשטאָק – דעם זוהן פֿון זײַן עזעלין. ער װאַשט מיט װײַן זײַן קלײד און מיט בלוט פֿון װײַנטרויבען זײַן מאַנטעל.

12. די אויגען רויט פֿון װײַן, און װײַס די צײהן פֿון מילך.

13. זבולון װעט װאָהנען בײַ'ם ברעג פֿון ים און בײַ'ם האַפֿען פֿון שיפֿען, און זײַן גרענעץ װעט דערגרײכען ביז צידון.

14. יששכר איז אַ בײנערדיגער עזעל, ער ליעגט צװישען די גרענעצען.

15. און װי ער האָט דערזעהן די רוהע, װי גוט זי איז, און דאָס לאַנד, װי זיס זי איז, האָט ער אײַנגעבויגט זײַן אַקסעל צו טראָגען דעם יאָך און איז געװאָרען אַ קנעכט, װאָס צאָהלט צינזען.

16. דן װעט קעמפּפֿען פֿאַר זײַן פֿאָלק, אַזוי װי אײנער פֿון ישׂראֵל'ס שְׁבָטים.

17. דן װעט זײַן אַ שלאַנג אויפ'ן װעג, אַ נאָטער-שלאַנג אויפ'ן שטעג, װאָס בײַסט דעם פֿערדס פֿערזען, און דער װאָס רײַט אויף איהם פֿאַלט אויף הינטען.

18. צו דײַן הילף, גאָט, האָף איך!

19. אויף גד'ן װעט אַ מַחֲנֶה בעפֿאַלען צו'ם קאַמפֿף, נאָר ער װעט די מחנה בעזיעגען און װעט פֿערפֿאָלגען איהרע טריט.

20. װעגען אָשר'ן: פֿעט װעט זײַן זײַן ברויט, און ער װעט צושטעלען קעניגליכע שפּײַזען.

21. נפתלי איז אַ פלינקע הינדין, וואָס גיעט אַרוים שענע קונדערלעך.

22. אַ פרוכטבאַרער צווייג איז יוסף, אַ פרוכטבאַרער צווייג בייַ'ם קוואַל, די צווייַגען פערשפּרייטען זיך אַרויף איבערן מויער.

23. און מען האָט איהם ערביטערט, און מען האָט זיך געקריעגט מיט איהם, און עס האָבען איהם פייַנד געהאַט די מענער מיט די פייַלען.

24. נאָר שטאַרק איז געבליבען זייַן בויגען, און פלינק זענען געוועזען די אָרעמס פון זייַנע הענד, דורך די הענד פון דעם מעכטיגען (גאָט) פון יעקב, דורך דעם פּאַסטוך און דעם פעלזען פון ישראל,

25. דורך דעם גאָט פון דייַן פאָטער, וואָס וועט דיר העלפען, און פון דעם אלמעכטיגען, וואָס וועט דיך בענשען מיט בְּרָכוֹת פון הימעל פון דער הויך, מיט ברכות פון אָבגרונד, וואָס ליגט אונטען, מיט ברכה פון ברוסט און מוטערלייַב.

26. די ברכות פון דייַן פאָטער זאָלען בעהעפט ווערען מיט די ברכות פון מייַנע עלטערן, און זאָלען דערגרייכען ביז די גרענעצען פון די עביגע בערג, און זיי זאָלען אַלע זייַן אויף יוסף'ס קאָפּ און אויף דעם קאָפּ פון דעם געקרוינטען צווישען זייַנע ברידער.

27. בנימין וועט זייַן אַ רייַסענדער וואָלף. אין דער פריה וועט ער עסען דעם רויב און אין אָוועגד וועט ער אויסטיילען דעם רויב.

28. די אַלע זענען יִשְׂרָאֵל'ס צוועלף שְׁבָטִים, און דאָס איז עס, וואָס זייער פאָטער האָט צו זיי גערעדט, און ער האָט זיי געבענשט, יעדען לויט זייַן בְּרָכָה האָט ער זיי געבענשט.

29. און ער האָט זיי בעפוילען און האָט געזאָגט צו זיי: איך ווער בעהעפט צו מייַן פאָלק, בעגראָבט מיך מיט מייַנע עלטערן אין דער הויהל, וואָס אין פעלד פון עפרון דעם חתּ'ער,

30. אין דער הויהל, וואָס אין דעם פעלד מַכְפֵּלָה, וואָס פאַר מַמְרֵא אין לאַנד כנען, דאָס פעלד, וואָס אברהם האָט געקויפט פון עפרון דעם חת'ער פאַר אַנ'אייגענעם בעגרעבניש־אָרט.

31. דאָרט האָט מען בעגראָבען אברהם'ן און זייַן ווייַב שרה'ן,

דאָרט האָט מען בעגראָבען יִצחק'ן און זײַן ווײַב רבקה'ן, און דאָרט האָב איך בעגראָבען לאה'ן.

32. דאָס פֿעלד און די הויהל, וואָס אין אִיהם, איז געקויפֿט פֿון די זיהן פֿון חת.

33. און יעקב האָט געענדיגט אָנזאָגען זײַנע זיהן, און ער האָט צונויפֿגעלעגט זײַנע פֿיס אויפ'ן בעט, און ער איז אויסגעגאַנגען און איז בעהעפֿט געוואָרען צו זײַן פֿאָלק.

## קאפיטעל 50.

1. און יוסף איז געפֿאַלען אויף זײַן פֿאָטערס אַנגעזיכט און האָט געוויינט אויף אִיהם און האָט אִיהם געקושט.

2. און יוסף האָט בעפֿויהלען זײַנע קנעכט די רופֿאים אײַנצובאַלזאַמירען זײַן פֿאָטער, און די רופֿאים האָבען אײַנגעבאַלזאַמירט ישׂראל'ן.

3. און עס זענען פֿערגאַנגען פֿירציג טעג, דען אַזוי פֿיעל טעג געדויערט דאָס אײַנבאַלזאַמירען, און די מִצְרִים האָבען אִיהם בעוויינט זיעבציג טעג.

4. און ווען עס זענען פֿערבײַגעגאַנגען די טעג פֿון בעוויינען אִיהם, האָט יוסף גערעדט צו פּרעה'ם לײַט און האָט אַזוי געזאָגט: אויב איך האָב געפֿונען לײַטזעליגקײַט אין אײַערע אויגען, רעדט צו פּרעה'ן און זאָגט צו אִיהם אַזוי:

5. מײַן פֿאָטער האָט מיך אַזוי בעשוואָרען: אָט שטאַרב איך, אין דעם קֶבֶר וואָס איך האָב מיר אויסגעגראָבען אין לאַנד כנען, דאָרט זאָלסטו מיך בעגראָבען. און איצט לאָ'ם איך אַרויפֿגעהן און בעגראָבען מײַן פֿאָטער און צוריקקומען.

6. האָט פּרעה געזאָגט: געה אַרויף און בעגראָב דײַן פֿאָטער, אַזוי ווי ער האָט דיך בעשוואָרען.

7. און יוסף איז אַרויפֿגעגאַנגען צו בעגראָבען זײַן פֿאָטער, און מיט אִיהם זענען אַרויפֿגעגאַנגען פּרעה'ס אַלע קנעכט, די עלטסטע פֿון זײַן הויז און אַלע עלטסטע פֿון לאַנד מצרים,

8. און דאָס גאַנצע הויזגעזינד פון יוסף און זיינע ברידער און זיין פאָטערס הויזגעזינד, נאָר זייערע קליינע קינדער און זייערע שאָף און רינדער האָבען זיי איבערגעלאָזט אין לאַנד גושן.

9. און עס זענען מיט איהם אַרויפגעגאַנגען אויך וואָגענס און רייטער, און די מחנה איז געוועזען זעהר גרויס.

10. און זיי זענען געקומען ביז גֹּרֶן־הָאָטָד, וואָס אין יענער זייט יַרְדֵן, און זיי האָבען איהם דאָרט בעקלאָגט אַ גרויסען שטאַרקען קלאָג, און ער האָט געמאַכט נאָך זיין פאָטער אַ טרויער פון זיבען טעג.

11. און ווי די איינוואָהנער פון לאַנד, די כְּנַעֲנִים, האָבען געזעהן דעם טרויער אין גורן־האטד, האָבען זיי געזאָגט: דאָס איז אַ גרויסער טרויער פאַר מצרים. דעריבער האָט מען אָנגערופען דעם נאָמען פון אָרט: אָבֵל־מִצְרַיִם (מצרים־טרויער), וואָס אין יענער זייט ירדן.

12. און זיינע זיהן האָבען מיט איהם געטהון, אַזוי ווי ער האָט זיי אָנגעזאָגט.

13. און זיינע זיהן האָבען איהם געטראָגען אין לאַנד כנען און האָבען איהם בעגראָבען אין דער הויהל פון פעלד מכפלה, דאָס פעלד, וואָס אברהם האָט געקויפט פאַר אַ אייגענעם בעגרעבניש־אָרט, פון עפרון דעם חת'ער ביי ממרא.

14. און יוסף האָט צוריקגעקעהרט קיין מצרים, נאָכדעם ווי ער האָט בעגראָבען זיין פאָטער, ער און זיינע ברידער און אַלע, וואָס זענען מיט איהם אַרויפגעגאַנגען צו בעגראָבען זיין פאָטער.

15. און ווי יוסף'ס ברידער האָבען געזעהן, דאָס זייער פאָטער איז געשטאָרבען, האָבען זיי געזאָגט: פילייכט וועט אונז יוסף איצט פיינד האָבען, און וועט אונז אָבצאָהלען פאַר דאָס גאַנצע שלעכטס, וואָס מיר האָבען איהם געטהון.

16. און זיי האָבען געלאָזט יוסף'ן אַזוי זאָגען: דיין פאָטער האָט פאַר זיין טויט אַזוי אָנגעזאָגט:

17. אַזוי זאָלט איהר זאָגען צו יוסף'ן: איך בעט דיך, פערגיעב די שולד פון דיינע ברידער און זייער זינד, דען זיי האָבען דיר אָנגעטהון שלעכטס; און איצט פערגיעב די שולד פון די קנעכט

פון דיין פאטערס גאט. האט יוסף געוויינט, ווען זיי האבען גערעדט צו איהם.

18. זענען אויך זיינע ברידער געגאנגען צו איהם און זענען געפאלען פאר איהם און האבען געזאגט: אט זענען מיר דיינע קנעכט.

19. האט יוסף צו זיי געזאגט: איהר זאלט נישט מורא האבען; צי דען בין איך אנשטאט גאט?

20. און דאס, וואס איהר האט גערעכענט שלעכטס פאר מיר, האט דאס גאט גערעכענט צו'ם גוטען, אום עס זאל געשעהן ווי עס איז היינטיגען טאג, צו דערהאלטען ביי'ם לעבען פיעל פאלק.

21. און איצט זאלט איהר נישט מורא האבען; איך וועל שפייזען אייך און אייערע קליינע קינדער. און ער האט זיי געטרייסט און האט גערעדט צו זייער הארצען.

22. און יוסף איז געזעסען אין מצרים, ער און זיין פאטערס הויז-געזינד. און יוסף האט געלעבט הונדערט און צעהן יאהר.

23. און יוסף האט געזעהן ביי אפרים'ן קינדער ביז'ן דריטען דור; אויך די קינדער פון מכיר, מנשה'ס זוהן, זענען געבארען געווארען אויף יוסף'ס קניה.

24. און יוסף האט געזאגט צו זיינע ברידער: איך שטארב; נאר גאט וועט אייך אויפרוכטען און וועט אייך ארויפברענגען פון דעם דאזיגען לאנד אין דאס לאנד, וואס ער האט צוגעשווארען אברהם'ן, יצחק'ן און יעקב'ן.

25. און יוסף האט בעשווארען ישראל'ס זיהן און האט אזוי געזאגט: ווען גאט וועט אייך אויפרוכטען, זאלט איהר ארויפברענגען מיינע ביינער פון דאנען.

26. און יוסף איז געשטארבען, זייענדיג אלט הונדערט און צעהן יאהר. און מען האט איהם איינגעבאלזאמירט און אריינגעלעגט אין א ארון אין מצרים.



# היילינע שריפטען

בראשית

פערלאג „השחר" ווארשא